# שטערן

ליטעראריש-
קינסטלערישער
און פּאָליטיש-
וויסנשאַפטלעכער
כוידעש-
זשורנאַל

9

מינסק — 1935

פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ!



# שטערנ

№ 9 — עלפטער יאָרגאנג — 1935 סענטיאבער

ה. קאַמענעצקי

* * *

ווער קענ אָפטרעפנ איצט אינ דער וויפלטער אופלאגע
איז דערשינענ אפסניי אונטער הימל דער פרילינג?
איינס נאָר וויס איכ געוויס: אָט־אָ נעמט זיכ ארופלייגנ
א באפרייטע אונ פריילעכע זונ אפ מיינ ברילִיק.

ס'איז דער גאנצענער הימל ווי קיינמאָל געראם
אונ עס רוישט דאָרט באם פעלדז אונ באם האפנ דאָ.
דאכט זיכ אויס—דאָס פארטרויענ די ווינטנ דעם יאם
לאנג פארגעסענע פראָטים פונ מיינ ביאָגראפיע.

איכ האָב מיינ ביאָגראפיע איינמאָל געדרוקט,
קורצ געפאסט, ווי עס טוענ געוויס אסאכ דיכטער,
איכ האָב דאנ אינ א ווינקל די פראָטים פארוקט
אונ עס זײנענ אויכ איצטער די פראָטים ניט וויכטיק.

אָט—מיינ טאטע! ער איז קיינ פּאָעט ניט געווענ —
ער האָט קענטיק דעם פונק ניט געהאט דעם געהעריקנ —
ווענ דער הונגער פלעגט קינדווייז אים געבנ א ברענ
פלעגט ער כאפנ פאר קאעס א הונט אונ צענעריקנ.

נאָר מיינ טאטע קיינ הינטשלעגער איז ניט פארבליבנ,
ס'איז אים ווייטער דאָס לעבנ געגאנגענ ניט גלאט,
האָט ער אָבער קיינ לידער קיינמאָל ניט געשריבנ
אונ ער האָט קיינ ביאָגראפ דערפאר ניט געהאט.

אונ פארשטייט זיכ: געווענ איז ער עלטער פונ מיר,
נאָר איכ ענטפער: ניט אלצ וואָס איז אלט איז פארעלטערט.
וויל איכ זיינ ביאָגראפיע זענ אפ פאפיר
אינ איר גלאנצ, אינ איר גאנצענער מענטשלעכער העלקייט.



אָט אַן ערעכ אזא ביאָגראפישער פאקט:
ס'האָט א צאָן־וויטיק קינדווײַז בא אים זיכ צעגוואלדעוועט,
דרײַ מעסלעס האָט דער וויטיק געשניטן, געהאקט,
און קײן הילפ איז ניטאָ, גלײַכ ער וואָלט אין א וואלד געוועז.

האָט מען נאָכדעם פון ערגעץ א סטארעץ געבראכט,
האָט געשורשעט באַם סטארעץ אין האנט אַן אפצוועגע,
נאָר פאר שרעק האָט מײַן טאטע די ליפן פארמאכט
און די שרעק איז פארבליבן אין בליק בא אים הענגען.

איז געשטאנען דער סטארעץ אינדרײַען געהאָרבעט,
זאָגט ער נאָכדעם: „זע, יינגעלע, אָן איבער דאכ
טראָגט א פויגל אין גילדענעם דזשוביק א טאָרבע
מיט געבאקענעם ברויט, מיט צוקערקעס אסאכ“.

באלד, ווען ס'איז די אפצווענגע אין מויל שוין געזעסן
און גענומען זיכ צעווינן זשעדנע צום צאָן,
האָט מײַן טאטע פארהויבן דעם בליק און פארגעסן,
אז די הארטע אפצווענגע מיט קראפט גיסט זיכ אָן.

ער האָט דאן אין דער דאָזיקער קורצער מינוט
מיט די אויגן דעם הימל געמישט און געבלעטערט...
און דערווײַל איז דער צאָן שוין פארגאנגען אין בלוט,
נאָר סײַווי האָט זײַן בליק אינדערלופטן געקלעטערט...

איצטער וואכט בא מײַן טאטן צוקאָפן א שטײן
און די הויכ הערט ניט אויפ אירע שטערן צו זיפן,
ערד א הרודע האָט לאנג שוין פארדעקט זײַן געביין,
נאָר דערפאר, וויפל אלטע ביאָגראפן זשיפען.

זײ פארברעכן די שטערנס אין וואָניקער אלטקײַט,
און מע כאָלעמט אזוי אָן א סאָפ, אָן א גרענעץ,
און מע טראכט וויפל ס'פלעגט אין דיאמעטער האלטן
נוווכאדנעצערס צי פיאָטער דעם ערשטנס א גענעץ.

זעלטן ווען פון זײ עס גײט אָן און עס קימערט
אָט דער הונגער פון אונדזערע טאטעס און מאמעס,
וועלכע האָבן נאָכ ברויט זיכ געצויגן אין הימל
ווען מע האָט זײ די צײנער געריסן מיט קלאמערס.

מער פונ אלצ איז פאר אָז די ביִאָגראפנ וויכטיק,
לאָמיר זאָגנ, אזא מינ פערזענלעכער שטריכ,
אז, לעמאָשל, אזא צי אנ אנדער מינ דיכטער,
איז געוועזנ א ריזיקער סנאפער אפ שיכ.

אונ ס׳בלײַבט פרעמד זיי מײַנ טאטע, וואָס האָט באמ ווארשטאט
יאָרנלאנג זיכ געמיט גלײַכ מיט אנדערע טאטעס
אונ האָט קאמ אפ יוכטאָווע שטיוואלעס געהאט
צו פארדעקנ די הארטע צעשפאָלטענע פיאטעס.

נאָר צי ווייסנ זיי אָט די ביאָגראפנ אלע,
ווי אזוי אונ מיט וואָס פאר אנ אײַיוערנעמ אָטעמ
ס׳האָבנ איינמאָל די דאָזיקע גראָבע שטיוואלעס
עפאָלעטנ אונ ווײַסע קאָקארדעס געטראָטנ...?

וויִאזוי אונ מיט וואָס פאר א פײַערנ בלאנקע
ס׳האָ-נ נאָכדעמ געפינקלט אונ אָפגעשײַנט דינ
אָט די זעלבע שטיוואלעס, די מוירעדיק־לאנגע,
וואָס מײַנ טאטע האָט אויסגעפוצט מיט גוטאלינ.?

... רייענ קעפ. אינ עפיר שפאנענ מוטיקע פאָנענ.
אונ מײַנ טאטע אינ ריי—ווי א שטיינ צווישנ שטיינער.
עס איז שווער געווענ דעמלט זײַנ טראָט צו דערקאָנענ.
אָט דער טראָט זאָל ניט ווערנ פארגעסנ פונ קיינעמ.

טראָט נאָכ טראָט. אונ די בליציקע כאָליעוועס ברענענ.
אונ עס שמייכלט זײַנ באָרד צווישנ אנדערע בערד.
אָט אזוי קאָנ זיכ פרייענ אונ שמייכלענ נאָר יענער,
וואָס האָט פלוצימ געוווּנענ א זעקסטכיילעק ערד.

אונ מיר דאכט—אויב אפילע די שטערנ דערגרייכנ,
אויב ארומפאָרנ וועלטנ, אויב אויסגיינ מערינעס,
וועסטו ערגעצ ניט זענ אזא אָפענעמ שמייכל
אונ א טראָט וועסטו ערגעצ אזא ניט געפינענ.

* * *

ס׳איז געוויס פונ מיר עלטער מײַנ טאטע געווענ,
נאָר איכ ענטפער: ניט אלצ וואָס איז אלט איז פארעלטערט.
וויל איכ די ביִאָגראפיע זײַנע דערזענ
אינ איר גלאנצ, אינ איר גאנצענער מענטשלעכער העלקײַט.

נאָטע לוריע

# שעפּטל קאָבילעצ

*דאָזיר בערגעלטאָנען — מיט ליבע.*

נאָכ האלבנ טאָג, ווענ ס'האָט אביסל צוגעטריקנט, האָט שעפּטל ארויסגעקאטשעט פונ דער טוכלער קלוניע דעמ פאנאנדערגעטרייסלטנ וואָגנ, אויסגעדרייט אימ מיטנ קרומלעכנ דישעל צו דער גאס, צומ ארומגעשוווענקטנ הויפ־טויער אונ א באָרוועסער, מיט ברייטע טריט איז ער אוועק צו דער שטאל נאָכ די דזעגעכצ קעדיי אָנשמירנ די רעדער.

גייענדיק, האָט ער באמערקט, ווי איבער דעמ איינגעפאלענעמ דאכ פונ דער נידעריקער פינצטערער שטאל, וואָס איז פארוואָקסנ געווענ פונ אויבנ מיט קאָלערליי גרינע אונ געלבלעכ־פארטריקנטע ווילד־גראָז, האָט זיכ אָנגעטראָגנ פונ ערגעצ א סטייע שווארצע גאָוועס. איינע נאָכ די אנדערע האָבנ זיכ די גאָוועס אָנגעהויבנ דרייענ נידעריק איבער זיינ שטאל, איבער דער זעמליאנקע אונ צעצויגנ געקראַקעט, ווי זיי וואָלטנ עפּעס אָנגעזאָגט.

שעפּטל איז געבליבנ פארלאָרנ שטיינ אינ מיטנ אָנגעוואלגערטנ הויפ, מיט שרעק נאָכגעשפּירט נאָכ די גאָוועס אונ זייער קראַקערייַ אונ ס'איז אימ מיטאמאָל שווער געוואָרנ אפנ הארצנ, ווי ס'וואָלט א נייַער אומגליק געטראָפנ דאָ בא אימ אינ דער שטאל. צעטומלטערהייט האָט ער אָפּגעזוכט א פארטריקנטע הרודע ערד, א שליידער געטאָנ איבערנ דאכ אונ אָנגעהויבנ פאטשנ מיט די הענט.

— קודי... אינ דר'ערד פונ דאנענ... קודי...

ער האָט געפּאטשט מיט די הענט, אונ אינ זיכ אינ דער שטיל אונטערגעבורטשעט, ווי ער וואָלט עפּעס אָפּגעשפּראָכנ אונ מיט די צעטומלטע אויגנ נאָכגעשפּירט, ווי די גאָוועס האָבנ זיכ, ווי א שווארצ וואָלקנדל, פארנומענ אראָפּ מיטנ גאָרטנ צומ סטאַוואָק צו.

ווענ די גאָוועס זייַנענ שוינ געווענ ווייַט איבער די גערטנער, איז ער נאָכ אלצ א צעטומלטער געשטאנענ אינמיטנ הויפ, מיט א הרודע ערד אינ דער האנט, א באָרוועסער, מיט אנ ארויסגעלאָזטער העמד איבער די שמאָלע הויזנ אונ ס'איז אימ עפּעס שווער געווענ, ווי עמעצער וואָלט אימ אקאָרשט אָנגעזאָגט ניט קיינ גוטע נייַס. מיט פארזשמורעטע אויגנ האָט ער נאָכגעשפּירט נאָכ די גאָוועס אונ מיטאמאָל באמערקט, אז זיי האָבנ זיכ פארנומענ מיט די גערטנער צוריק צומ כוטער אונ ס'האָט אימ אלצ שטארקער אונ שטארקער אָנגעהויבנ קלאַפּנ דאָס הארצ, ווי ער וואָלט געציטערט, אז זיי זאָלנ זיכ ניט אָנטראָגנ צוריק אהער אונ דעמלט וועט דאָס זיכער זייַנ א שלעכטער סימענ פאר אימ. נאָר די גאָוועס

האָבן זיך אוועקגעטראָגן אָן א זײַט, און זיך אָנגעהויבן דרייען איבער דעם אנטקעגנדיקן דאָדע בורלאַקס הויף.

שעפטל האָט דערפילט, אז ס'איז אים מיטאמאָל עפעס גרינגער געוואָרן, און ער האָט זיך געלאָזט צו דער שטאל. גייענדיק האָט ער באטראכט די אויסגעקרימטע זעמליאנקע מיט די האלב-אײַנגעפאלענע ווענט און זיך געסטארעט פארגעסן אָן די גאוועס.

— מ'וואָלט געדארפט ביז וואָס ארומשמירן כאָטש די שטוב, — האָט ער א בורטשע געטאָן, — וועט ניט וועט מען זי נאָכדעם אין די פוגעס מיט דרײַ סטעזשקעס שטרוי אויך ניט אָנהייצן, אז ווי איז זי דאָס, — האָט ער זיך ארומגעקוקט און געזוכט דער אלטער, — וואָסי, זי קען ניט דערוואַל ביז וואָס צוביסלעכ ארומשמירן, אז גיי צערײַס זיך איינער אליין.

אן אָנגעכמורעטער, אן אומצופרידענער איז ער אריין אין דער פינצטערער שטאל, אײַנגעאָטעמט דעם באקאַנטן ווארעמען גערוך פון פרישן קיזיק, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער פײַכטער ערד.

טיף אין דעם פינצטערן שטאל־ווינקל האָט בא דער ברייטער קאָרעטע זיך אונטערגעפאשעט די בולאנע שקאפע. זי האָט געהאלטן אין איין איבערשטעלן די פיס, געקלאפט מיט די קאָפּיטעס איבער דער דורכגעווייקטער סטוילע און נאָכאנאנד, אָן אופהער געשמיסן מיטן עק.

— אָט א כווארעבע, — האָט שעפטל זיך אויסגעזידלט, — קיש, א פאָהיבעל אפ אײַך, — האָט ער א פאטש געטאָן מיט דער גראָבער דלאָניע איבער איר פלייצע און צווישן די פינגער איז בא אים געבליבן צעקוועטשטע צוגעקלעפטע פליגן. — אז דערוואָרגן זאָלט איר ווערן, — האָט ער א וויש געטאָן די דלאָניע אָן דער בולאנעס פעל, — די כאָליעריע זאָל אײַך אויסליינגן, זיי לאָזן גאָר די שקאפע זיך ניט אָפרוען, אז די רעגנס, פארברענט זאָלן זיי ווערן, האָבן זיי פאנאנדערגעפליאדיעט, א פאָהיבעל אפ זיי...

ער האָט מיטן האנט געטריבן די פליגן און זיי האָבן אלץ מער געקישעט ארום דער בולאנער און ארום אים.

— מע וועט דארפן שפעטער צעלייגן אביסל פײַכטן בוריאן און אויסרויכערן זיי, — האָט ער א טראכט געטאָן.

ער האָט זיך נאָך היפש געוואָזשעט דאָרט צווישן די לייטערס און ארום דער שקאפע, וואָס איז געשטאנען בא דער ברייטער קאָרעטע איינע אליין, און ס'האָט אים אָנגעהויבן אלץ מער און מער נאָגן אונטערן הארצ.

אָט ווי לאנג זײַנען דאָ בא אים אין דער פינצטערער שטאל, צווישן אָט די לייטערס בא דער זעלבער קאָרעטע, געשטאנען זײַנע ביידע בולאנע שקאפעס, וואָס האָבן זיך אויסגעכאָוועט אפ זײַן שווייס און אפן זײַן טאטן און זײַן זיידן, ווי פריילעך, ווארעם און גוט ס'איז דעמאָלט געווען בא אים אין דער שטאל, אָט דאָ אין דעם פינצטערן ווינקל, — אז ווער האָט זיך עס געקענט ריכטן אפ אזא אומגליק? — און שעפטל האָט זיך מיט שרעק ווידער דערמאָנט אָן די גאוועס, וואָס האָבן זיך ניט לאנג געדרייט איבער זײַן זעמליאנקע.

מיט ציטערנדיקע טריט האָט ער זיך דערקליבן צו דעם קליינעם, טונקעלן פענצטערל, וואָס האָט ארויסגעקוקט סאמע אונטערן דאך, אָפגעזוכט דאָרט דאָס קעסטל מיט דזעגעכץ און ארויס אין הויף, צום וואָגן.

גייענדיק איבערן הויף האָט ער זיך ארומגעקוקט אין אלע זײַטן, ווי ער וואָלט נאָכאמאָל וועלן באטראכטן די ווירטשאפט, וואָס ער האָט זיך דאָ אָנגעלעבט.

צו דער גאס צו, הינטער דער זעמליאנקע אונ ארום דער שטאל האָט זיך געצויגנ א שווארצע דורכגעפוילטע זאהאטע פונ איבערגעפר׳עטע שטרוי אונ קיזיק, וואָס האָט ארומגענומענ דעם גאנצנ הויפ, פונ אלע זייטנ, אזש ביז דער קלוניע. בא דער שטאל-וואנט, איז געלעגנ אנ איבערגעקערטער כאָד, עטלעכע לייטער אונ א צעבראָכענע ראָד מיט אויסגעקלאפטע שפיצעס.

— מ׳וועט זי דארפנ אונטערשיטנ,—האָט ער אומצופרידנ באטראכט די זאהאטע אונ מיטאמאָל דערזענ הינטער דער קלוניע, אפנ פארוואקסענעמ גאָרטנ די אלטע. זי איז דאָרט געשטאנענ אָנגעבויגנ צו דער ערד, ווי זי וואָלט זיך איבערגעבראָכנ אונ געפּאָרעט זיך צווישנ די ציבעלקעס.

— וואָס טאָפּטשעט זי דאָרטנ!.. האָט ער אופגערעגט א געשריי געטאָנ אונ א רופּ געטאָנ זי אהער.

די אלטע האָט קאָנטיק ניט דערהערט. זי האָט מיט די ארומגעוואקסענע הארטע נעגל ארויסגעריסנ צוזאמענ מיט די ערדיקע וואָרצלענ עטלעכע לאָבארע אונ אריינגעלייגט אינעמ פארהויבענעמ פארטוך.

— קריך אהער,—האָט שעפטל שוינ שטייענדיק נעבנ וואָגנ, ווידער אופגערעגט א געשריי געטאָנ,—ביסט טויב דאָרט, צי וואָס...

פונ זיינ געשריי האָט די אלטע אופגעציטערט, זיך קאמ אופגעהויבנ פונ דער פייכטלעכער ערד אונ מיט די אויסגעצערטע קרומלעכע פיס פאמעלעך זיך אוועקגעפלאָנטערט אהער אפנ מיטנ הויפ, צומ ארויסגעקאטשעטנ וואָגנ.

— וואָס גוואלדעוועסטו,—האָט זי שלעפנדיק זיך געבורטשעט,—נו, נו, אויסגעהאָדעוועט א יאָלעפּ... וואָס ווילסטו, וואָס... וואָס זאָל איך דיר געבנ...

— דו גיב מיר גאָרניט,—איז שעפטל אינגאנצנ אופגעקאָכט געוואָרנ,—אונ טשעפּע זיך אָפּ פונ מיר... וואָס טאָפּטשעסטו מיר דעמ גאָרטנ!.. האָסט אימ געזייט דאָרט, צי וואָס... אז די שטוב קענ דאָס ניט ארומשמירנ, אָט אזוי גייט דאָס בא מיר אלצ מיט די רעדער ארופּ אונ האָדיע...—איז ער רויט געוואָרנ פאר אופרעגונג,—אנו, נעמ האלט כאָטש אונטער דעמ וואָגנ,—האָט ער אָנגעוויזנ, אז זי זאָל נעמענ די אקס.

אליינ האָט ער זיך אראָפּגעלאָזט אפּ די קני נעבנ דער ראָד, פאמעלעך אָפּגעדרייט די הייקע אונ אוועקגעלייגט זי אָנ א זייט, אפּ א ביסל אונטערגעבעטע שטרוי, זי זאָל זיך ניט איינריכטנ. נאָך דעמ האָט ער א הויב אונ א טרייסל געטאָנ עטלעכע מאָל נאָכאנאנד דעמ וואָגנ, אזש ער האָט הילכיק אונטערגעקלונגענ אונ די ראָד האָט זיך אלצ מערער אראָפּגערוקט פונ דער אקס.

— האלט אונטער, אָט וועט דאָך די ראָד אראָפּפאלנ,—האָט ער געשריענ,—די פיס וועט זי דיר איבערברעכנ...

די אלטע האָט אונטערגעהאלטנ דעמ וואָגנ, עס האָבנ איר געציטערט די בלאָוולעכע אָדערדיקע הענט, נאָר זי האָט ניט אָפּגעלאָזט. מער פעלט איר ניט,—האָט זי מיט שרעק זיך אומגעקוקט אפּ שעפטלענ, אונ ס׳האָט בא איר אָנגעהויבנ סלינענ אינעמ אויסגעקרימטנ מויל־ווינקל.

וואָס א טאָג האָט זי געפילט, אז זי קענ פונ אימ מער דאָס ניט אריבערטראָגנ. עס איז גאָר קיינמאָל אזוי ניט געווענ. נאָר ווארפט זיך אונ שלײַדערט זיך, אז קיינ אָרט געפינט זיך דאָס ניט, כײַ וואָלט ער שוינ כאסענע געהאט, זאָל שוינ דאָס ווײַב האָבנ די צאָרעס

פונ אימ,—האָט זי אלצ געסלינעט מיטנ קרומלעכנ מויל אונ ניט אראָפּגענומענ די שטעכיק־בייזע אויגנ פונ אימ.

שעפטל איז געשטאנענ אָנגעשפּארט אפּ די קני אונ פארדײַגעט געשמירט די אקס. כאָטש די אקס איז פונ אלע זײַטנ שוינ געווענ ארומגעשמירט מיט דזעגעכץ, האָט זיכ אימ אלצ געדוכט, אז ס'איז קארג, ס'איז ווייניק.

— נישקאָשע,—ס'מאכט ניט, נאָכ א ביסל אָנשמירנ,—האָט ער צו זיכ אליינ געבורטשעט,—זאָל זײַנ... דערפאר וועט זיכ ווייניקער רײַבנ די אקס, דער וואָגנ וועט גאָר פריילעכער גיינ אונ דער שקאפּע וועט זײַנ קודי גרינגער.

באלד האָט ער אָבער באמערקט, אז ס'גייט אימ אויס דאָס דזעגעכץ אונ א קאעסדיקער זיכ אופגעהויבנ.

נו, לאָז שוינ אָפּ, לאָז אָפּ,—האָט ער א שטופּ אָפּ געגעבנ דער אלטער. בורטשענדיק, האָט ער ארופגערוקט צוריק די ראָד אונ פארדרייט די הײַקע.

שעפטל האָט אזוי, ניט געכאפּט, אָנגעשמירט די אקסנ בא אלע פיר רעדער, אײַנגערינט דאָס העמד אינ דזעגעכץ אונ פאר אופרעגונג געזידלט דער אלטער, וואָס האָט זיכ אָנגעזעצט אפּ זײַנ קאָפּ אונ לאָזט אימ ניט דיכענ.

— אז אפּ אלעמענ גיי האָ־עווע,—האָט ער מיט פארביטערונג געזידלט זיכ,—וויפל לעבט סאָפּ־קאָל־סאָפּ א מענטש... אז א בוימ ווערט פארדארט האקט מענ אימ אָפּ,—האָט ער אויסגעשפּיגנ,—אונ אז א בעהיימע הערט זיכ אופ צו מעלקנ, קוילעט מענ זי אונ האָדיע... וואָס שטייסטו וואָס,—האָט ער מיטאמאָל זיכ א כאפּ געטאָנ,—זע וואָס עס טוט זיכ דאָרט,—האָט ער איר אָנגעוויזנ אפּ די הינער, וואָס זײַנענ פארקראָכנ אפּנ גאָרטנ,—גיכער, די ווילע נעמ... די ווילע... דערדישעט זאָלנ זיי ווערנ...

ער האָט א ווײַלע נאָכגעקוקט, ווי זי האָט מיט די קרומלעכע פיס זיכ געפּלאָנטערט צומ גאָרטנ, נאָכדעמ האָט ער אָנגענומענ דעמ דישל אונ א שטופּ געטאָנ דעמ וואָגנ, קעדיי זעענ, ווי ער גייט.

— גיי צערײַס זיכ איינער אליינ, אז דער ברויט ליגט נאָכ אפּנ סטעפּ אונ דאָ זײַנענ אוועק די רעגנס, אז פארברענט זאָל דאָס ווערנ, די אייגענע שטוב קענ מענ ניט ארומשמירנ, זי וועט נאָכ אזוי אײַנפאלנ...

די זעמליאנקע האָט ווירקלעכ אויסגעזענ שטארק פארלאָזט. די אויסגעבויגענע ווענט זײַנענ געווענ ארומגעקאלופּעט, צעטרעסקעט אונ בא די ווינקלענ שטארק ארומגעריבנ פונ דער כוראָבע, אזש שטיקער האָר האָט דאָרט געשטעקט. די דורכגעפוילטע שטרויענע סטרעכע איז ערטערווײַז געווענ אויסגעפּליקט פונעמ ווינט, וואָס האָט זיכ מיט עטלעכע טעג צוריק געהאט דורכגעטראָגנ אונ ס'האָבנ זיכ אינ פארשיידענע זײַטנ ארויסגעזענ האלבנאקעטע דורכגעפוילטע קראָקוועס.

שעפטל האָט פארקירעוועט מיטנ וואָגנ פארבײַ דעמ גרויסנ זעקס־קאנטיקנ דרעש־שטיינ וואָס איז געלעגנ עטוואָס אײַנגעגראָבנ אינ מיט פונ הייפ, אָפּגעשטעלט זיכ אנטקעגנ דער אָפּענער זעמליאנקע־טיר אונ ער איז אוועק אינ שטוב נאָכנ געשפּאנ.

אינוויינינק, אינ דער שטארק נידעריקער זעמליאנקע איז געווענ טונקל אונ קיל. די פּירקאנטיקע פענצטער, וואָס האָבנ ארויסגעקוקט נידעריק איבער דער ערד, זײַנענ פארהאנגענ געווענ מיט רויט־קאָלירטע רעדנעס, מיט זעק אונ שמאטעס אונ ס'האָבנ דאָרט אפּ די טונקעלע שויבנ צעצויגנ געזשומעט אסאכ פליגנ.

איבער דער קילער ערד איז הויכ צעשאָטנ אונ פארשפּרייט געווענ פארשיידענע געל־

און-גרינבלעכ־אָפּגעצעצוויטעטע גראָזן, בערעזקע און בורקון, און צוגעטריקנטער צאָמבער, וואָס האָט שארף אָפּגעגעבן מיט טאָלאָקע, מיט סטעפּ-לאָנקעס, מיט היי און זיך צונויפגעמישט מיטן גערוך פון פרישן בעהיימישן קיזיק. אנטקעגן דער טיר, אפ דער בלינדער וואנט, נעבן דעם גרויסן געקאָוועטן טאַפּטשאַן איז געהאנגען די זברויע. די שלייעס זײַנען קאָנטיק ניט לאנג געווען געשמירט מיט דזעגעכץ און ס׳האָט געטראָגן פון זיי אויסער דעם מיט א שארפן גערוך פון פערדן־שווייס.

שעפטל האָט אָפּגעקליבן דעם געשפאנ פארן וואָגן, גענומען די בײַטש און ארויס אין הויף.

שוין א היפּשע צײַט, ווי ער האָט זיך געקליבן צופאָרן קיין קאָוואלעווסק אין דער קוזניע ארײַן, אונטערקאָווען דעם אקער און פאריכטן די באָראָנע, נאָר ער האָט זיך אלץ ניט געקאָנט אָפּרײַסן פונעם דרעשן. איצט נאָכן רעגן האָט ער באשלאָסן פאָרן און געווען אין קאעס אפ אלץ מיט אן אנדער.

— גיי שלעפּ דאָס אין קאָוואלעווסק, טרײַב אזש אהין די שקאַפּע,—האָט ער פארשטיקט אין זיך געבורטשעט, ארופליגנדיק אפן וואָגן דעם אקער און די באָראָנע. ער האָט דאָס דאָרט לאנג איינגעמאָסטעט, עס זאָל ניט רײַבן די ברעטער פונעם וואָגן און איז אוועק שפּאנען די שקאַפּע.

שטענדיק פלעגט ער אָט די עטוואָס נידעריקע שקאַפּע שפּאנען פון דער לינקער זײַט דישעל. איצט האָט ער זי געשפּאנט פון רעכטס. דעם לינקן פּאָסטראָמעק האָט ער מיט א שטריק צוגעבונדן צום פערעדאָק, ער זאָל זיך ניט דרייען. דער וואָגן האָט איצט עפּעס מאָדנע טרויעריק אויסגעזען. די שקאַפּע, וואָס איז איינגעשפּאנט געווען פון רעכטס, האָט אונטערגעשטראָכט, אז פון דער לינקער זײַט דישעל פעלט צום פּאָר,—א פערד, און דער וואָגן האָט דערמאָנט אָן א מענטש אפ איין פוס מיט אן אונטערגעבונדענער הויז.

מיט צעבויטעטע ווייטעק האָט שעפטל אלע ווײַלע זיך אומגעקוקט אפן לינקן זײַט די־שעל און זיך ניט געפונען קיין אָרט. ווי לאנג איז ער נאָך ארויסגעפאָרן אפ ביידע ברלאנע.—אז ווער האָט זיך דאָס געקענט ריכטן אפ אזא אומגליק,—האָט ער פארשטיקט געבורטשעט און א צעטומלטער אוועק טיף אין הויף, צו דער פרישער סקירדע היי, אָנ-סמיקעווען א ביסל, טאָמער וועט דאָרט אויסקומען צו ווארטן, וועט ער אונטערפאשען די שקאַפּע און דערווײַל וועט זײַן וויכער צו זיצן.

ווען ער איז שוין געווען טיף אין פארוואָקסענעם טייל הויף נעבן דער פריש־שמעקנדיקער סקירדע היי, האָט ער זיך מיטאמאָל פארהאלטן, ווי ער וואָלט זיך עפּעס באטראכט ער האָט זיך אומגעקערט און אוועק גלײַך אין שטאל ארײַן. ער איז דאָרט ארופגעקראָכן אפ דער קאָרעטע און אראָפּגענומען פון די אויבערשטע פארלייגטע לייטערס די פארשטויבטע קאָסע.

— זאָל זײַן, דער ווינטער איז גרויס,—האָט ער זי אָרומגעטוישט,—ס׳וועט אזוי אויך, ווער וויים, צי סטײַען פארן סקאָט... און אפן וועג, נישקאָשע, קאָן מען נאָך דערווײַל ביז וואָס אונטערקאָסיען,—איז ער ארויס מיט דער קאָסע צום וואָגן,—וואָס: ווייניק ווערט בא זיי פארפאלן דאָרט. ער האָט גוט איינגעמאָסטעט די קאָסע און גענומען די לייצעס.

ווען דער וואָגן איז שוין געווען אויסערן טויער, אפ דער געדיכט־פארוואָקסענער גאס, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. אים האָט זיך אויסגעוויזן, שעפּטלען, אז ער האָט עפּעס פארגעסן, ער האָט ניט גענוג אָנגעזאָגט דער אלטער, אז זי זאָל אכטונג געבן. שעפטל האָט

צוגעבונדנ די ווישקעס אונ אוועק צוריק אינ הויפ ארײַנ נאָכאמאָל א קוק טאָנ, צי ער האָט גוט, אפ בײדע שלעסער אונ אפ דער קײט, פארשלאָסנ די קלוניע. צי ער האָט פעסט, ווי ס'דארפ צו זײַנ, פונ אינווײניק פארשפּארט די שטאל אפנ לאָמ אונ צי די קלאדאָווע האָט ער גוט פארמאכט, אז קײנער זאָל ניט קריכנ אהינ.

ארומדרײענדיק זיכ איבערנ הויפ האָט ער באמערקט, דאָרט, ווו דער וואָגנ איז פריִער געשטאנענ, פרישנ פערדישנ קיזיק.

— אנ אווײרע, די הינער וועלנ דאָס צערויענ,—האָט ער שעפטל א זאָג געטאָנ צו זיכ אלײנ. ער האָט צונויפגעקליבנ דאָס מיט צערעפּעטע הענט אונ אוועקגעטראָגנ צו דער קופּע קיזיק, וואָס האָט געפרײעט בא דער זײַט, סאמע נעבנ דעמ שטאל־ווינקל.

פאָרזיכטיק, ווי ער וואָלט מוירע האַבנ ניט פארשיטנ, האָט ער ארופגעוואָרפנ דאָס ביסל קיזיק אינ דער הויכ, אויסגעווישט די הענט אָנ דער ערד אונ זיכ געלאָזט א באָרוועסער, מיט דער ארויסגעלאָזטער העמד איבער די שמאָלע הויזנ, צומ געשפּאנטנ וואָגנ.

לויפנדיק האָט ער נאָכ אלצ געשריִענ צו דער אלטער, וואָס איז א דערשלאָגענע געשטאנענ נעבנ דער אויסגעקרימטער זעמליאנקע.

— פונ הויפ זאָלסטו מיר ניט ארויס... דו הערסט... קײנ פרעמדע הינער זאָלסטו ניט ארײַנלאָזנ, די פיס זאָלסטו זײ אונטערברעכנ... די כאָליערע זאָל זײ נעמענ.

ער איז שוינ געווענ אפנ וואָגנ. נאָר ער האָט נאָכ אלצ געשריִענ אהער, אינ הויפ ארײַנ.

— אפנ גאָרטנ זאָלסטו אכטונג געבנ... אונ די קלוניע... געדענק, וועסטו דאָכ פארדריכנעט ווערנ... דו הערסט...

ער האָט גענומענ די ווישקעס אונ א ציאָזקע געטאָנ צו דער בולאנער. דער פאנאנדערגעטרײסלטער וואָגנ האָט זיכ א ריר געטאַנ פונ אָרט אונ אונטערקלינגענדיק מיט די פאנאנדערגעשאָטענע ברעטער אונ נאָכהענגענדיקע אײַזנס, זיכ פארנומענ קרומ דער גאס, ארופ מיט דער שמאָלער זײַטיקער וועג, פארבײַ דעמ אָפּגעטרײסלטנ פרוכט־גאָרטנ, אפ קאָוואלעווסק...

דער פײַכטלעכער וועג איז געדיכט באוואקסנ געווענ מיט נידעריקע קאלאטשיקלעכ אונ לאָבאדא, וואָס זײַנענ באפרישט געווענ פונעמ ניט־לאנג דורכגעגאנגענעמ שלאקסרעגנ... פונ סטעפ, פונ די צעטאָפּטשעטע אונ פאנאנדערגעגראָבענע גערטנער, פונ די ארומגעטרײסלטע עפּל־בײמער, וואָס האָבנ אונטערגעשורשעט בא דער רעכטער זײַט וועג, האָט געטראָגנ מיט פרישער קילקײַט, מיט ווײַניקײַט.

די ערד איז אלע ווײַלע געוואָרנ אָט ליכטיקער, אָט טונקעלער, אונ שפּעטער א ווײַלע שטארק טונקל אונ גרינ, ווי די וואָלקנס וואָלטנ אָנגעשווומענ איבער דער הארבסטיקער זונ.

ווענ שעפּטל איז ארויסגעפאָרנ הינטער די קארטאָפל־גערטנער אונ לעצטע קאנאוועס פונעמ כוטער אונ דערזענ פאר זיכ די אָפּגעשניטענע געלבלעכע פעלדער, האָט ער זיכ דערמאָנט אָנ די אָנדערהאלבנ דעסיאטינקעס גערשטנ, וואָס איז שוינ העכער א כוידעש צײַט געלעגנ אָפּגעשניטנ אראָפּ הופּעלאָווער באלקע אונ ס'האָט אימ ארומגעפאַפּט אנ אומרו.

— לאָמיר א קוק טאָנ, וואָס סע טוט זיכ דאָרט,—האָט ער פארשטיקט א בורטשע געטאָנ אונ פארקירעוועט עטוואָס רעכטס, מיט דער געדיכט־פארוואקסענער וועג ... טר עפּעס, פארברענט זאָל דאָס ווערנ, אז אָנ כמארנעט שוינ, דאכט זיכ, ביטעה, א פאהיבעל אפ רגמ...



ער האָט מיט די ווייטעדיק־פארזשמורעטע אויגן זיך אומגעקוקט איבער הופעלאָווער־בארג, ווי ס'האָבן זיך פון ערגעץ געקליבן גרויע פײַכטלעכע כמארעס און געווען אופגערעגט אף אלץ מיט אן אנדער, און אף דעם, וואָס ער וועט נאָך אָנלייגן איצט אן איבעריקע צוויי־דרײַ ווערסט, וואַסי, ער האָט מיט די פיס ניט געקענט צוגיין אהין,—האָט אים אָנגעהויבן קאָראָבען פאר דער שקאפע,—אז פארברענט האָט דאָס אינגאנצן געמעגט ווערן...

פאר העכער דעם כוידעש צײַט זינט ער האָט געהאט אָפּגעשניטן די אָנדערהאלבן דעסיאטינקעס גערשטן זײַנע אָפּט, ווי אף צעלאָכעס, איבער זײַן פעלד פאסנווײַז, דורכגעגאנגען שפּעטיקע זומער־רעגנס און ער האָט זיך ארויסגעשלאָגן פון די קויכעס, פאנאנדערוואָרפנדיק צוריק די קאָפּיצעס אונטער דער זון, קעדיי דער זאנג זאָל זיך ווידער אויסטריקענען. נאָר ער איז ניט מיד געוואָרן אזוי פון דער ארבעט, ווי פונעם ווייטעק וואָס האָט אים פארפײַניקט, צוזעענדיק מיט די אייגענע אויגן, ווי יעדן מאָל באם פאנאנדערוואָרפן און צוריק צונויפלייגן די קאָפּיצעס האָט זיך דער זאנג אלץ מער אויסגעטרייסלט, ווי ער איז אײַנגעדארט געוואָרן פונעם ווינט, און ווי פון די אָפטע רעגנס איז די שטרוי שווארץ געוואָרן, אז די בעהיימע וועט דאָס ניט וועלן נאָכדעם אפילע אין די פרעסט אין מויל נעמען.

אראָפּ בארג,' סאמע אין דער הופעלאָווער באלקע, האָט שעפּטל פון דער ווײַטן דערזען זײַן לענגלעכן גערשטן־קלין, וואָס האָט צווישן דער ארומיקער אופגעריסענער קאָלעקטיווער שווארצערד אויסגעזען,' ווי א ניט פאראקערטע וועג. קוקנדיק פון דער ווײַטן, האָט זיך אים דערמאָנט, ווי ער האָט אָנהויב וועסנע, ווען דער שניי האָט ערשט גענומען אָפּלאָזן, אין דער פײַכטקײַט, בלאָטע און קעלט, געאקערט דאָ, אין דער באלקע, זײַן קלין. דורך טאָג און דורך נאכט האָט ער זיך דאָ געוואָזשעט איינער אליין אין די ווינטן און אונטער די קאלטע ערשטע וועסנע־רעגנס, געאקערט, געבראָנעוועט, געזייט און ווידער אמאָל געבראָנעוועט, קעדיי דער זאנג זאָל גוט אופגיין און געבן אים ברויט פאר זיך, פאר דער אלטער און פאר זײַן אייגענער כודאָבע אפן ווינטער.

דער וואָגן געשפּאנט נאָר אין איין פערד האָט זיך געדרייט מיטן דישעל רעכטס און לינקס און מיט א קלאפערײַ און קלינגערײַ זיך געטראָגן אראָפּ בארג. אנטקעגן, זײַנענדיק בא ביידע זײַטן וועג אָנגעלאָפּן שפּעטיקע, הארבסטיקע קוויטן, זיי האָבן זיך פאמעלעך אונטערגעוויגט און געשורשעט מיט די טונקל־גרינע בלעטער פון צווישן די רעדער.

סאמע נעבן דעם גערשטן־פעלד האָט שעפּטל אָפּגעשטעלט די בולאנער, אראָפּגעשפּרונגען פונעם וואָגן און שארנדיק מיט די באָרוועסע פיס איבער דער הארטער, שטעכיקער סטערניא, אוועק צו דער נאָענטסטער קאָפּיצע.

פון אויבן איז די קאָפּיצע געווען טרוקן. ער האָט זי א ביסל פאנאנדערגעפּאָרעט, ארײַנגערוקט די האנט טיף אינווייניק צווישן די זאנגען און דערפילט דאָרט א פײַכטקײַט און א היץ, ווי ס'וואָלט דאָרט עפּעס געברענט.

— אָט א פּאָהיבעל!..—האָט ער זיך אויסגעזידלט, — מע וועט דארפן ווײַטער איבערקערן, אז פארברענט האָט דאָס געמעגט ווערן, האָרעווע און ווער אויסגעריסן און מער ווי די שטרוי וועט דיר סײַווי ניט בלײַבן, האָט ער אלץ געבורטשעט און פארלאָרן זיך ארומגעדרייט צווישן די צוגעלעגערטע קאָפּיצעס, וואָס האָבן זיך שוין גענומען שווארצן.

— גיי פיר דאָס איצטער אראָפּ מיט איין פערד, כאָטש שפּאן זיך אליין אײַן אין דער הארבע... ער האָט זיך לאנג ארומגעדרייט, ווי ער וואָלט ניט געקענט אוועק פון זײַן שטיקל ערד און מיט די הענט פאנאנדערגעוואָרפן עטלעכע קאָפּיצעס, זיי זאָלן זיך צעטריקענען.

א דערשלאָגענער האָט ער זיך נאָכדעם געזעצט אפן וואָגן און פאַרקערעוועט אפן דעם אנטקעגנדיקן גוט־אויסגעפאָרענעם וועג, וואָס פירט פון הופּלאָווע אפן קאוואלעווסק.

פאָרנדיק האָט ער זיך אלע ווײַלע מיט די פאַרזשמורעטע אויגן אומגעקוקט פון דער זײַט, אפן זײַן שמאָלן קלינ געדשטנ, וואָס האָט דאָרט געפריִעט אינ די קאָפּיצעס און ער האָט געפילט, שעפּטל, אז עס ווערט אים עפּעס שווערער און שווערער צו אָטעמען, ווי מ'וואָלט אים ארופגעקײַקלט א דרעש־שטיינ אפן הארצן.

— אז ווער האָט זיך עס געקענט ריכטן אפ אזעלכע פּאָגאָדעס,—האָט ער פאַרביטערט אויסגעשפּיגן בא זיך צווישן די פיס,—גיי ווייס פריִער, ריכט זיך אפ אזא אומגליק...

ער האָט שוינ פונ לאַנג געהאַט אָפּגעריייניקט בא זיך אינ דער זעמליאַנקע א טרוקענעם אָרט פאַר די גערשטנ, וואָס ער האָט גערעכנט אויסדרעשן פונ דעם קלינ.

פונ ווענסנע אָנ זינט ער האָט פאַרזייט דעם קלינ, איז ער ארומגעגאַנגען אנ אומרויִקער איבערגעפּולט מיט קאָלערליי האָפענונגען, און אָפּט, באַנאַכט אפן געלעגער געפּרווט איבערוועגן וויפל רייִנעם גערשטנ וועט דער דאָזיקער קלינ אים געבנ, ווי הויך עס וועט אויסזען דער וואָרעך. דאָס האָבן דערוועקט אינ אים אסאך פּלענער, וואָס האָבן צעטריבן זײַנ אומעט און געמאַכט אים פריילעכער דאָס לעבן.

איצט צוקוקנדיק, וואָס עס טוט זיך דאָרט אפן שמאָלן געלבלעכן פּאַס, האָט ער דערפילט, ווי מ'וואָלט מיטן דרעש־שטיינ אָנגעהויבן מאַלויצען בא אים איבער דעם הארצ, אָט גיט א שטאַרקן קלאַפּ און אָט לאָזט אָפּ, אָבער דעמלט דערפילט ער ערשט דעם ווייטעק.

איבערן סטעפּ איז מיטאַמאָל פינצטערער געוואָרן, שעפּטל האָט זיך אומגעקוקט, באַמערקט די כמארעס, וואָס האָבן זיך ווידער גענומען קלײַבן איבער דעם הופּלאָווער באַרג און ס'האָבן אים אזש די הענט אָנגעהויבן ציטערן.

— די כאָליערע, די טשומא זאָל אײַך דאָרט אויסקײַקלען,—האָט ער הייזעריק, פאַרשטיקט אינ זיך גענומען שעלטן די גרויע כמארעס, דעם הימל, די ערד און זײַן שווערע דאָליע...

ער איז אזוי, א דערשלאָגענער, היפּש אָפּגעפאָרן און מיטאַמאָל באַמערקט, ווי לינקס פונעם וועג האָבן זיך איבערן סטעפּ ווײַס, ווײַט געשוואַרצט אסאך ווייץ־קאָפּיצעס.

די געלבלעכע סטערניא איז דאָרט פונ די אָפּטע רעגנס שוינ באַוואַקסן געווען מיט פרישע, גרינע גראָז און איבערן פעלד האָבן זיך נאָך ארויסגעזען אָפּטע קײַלעכדיקע שוואַרצלעכע פלעקן פונ די צוגעלעגערטע קאָפּיצעס.

שעפּטל האָט א צעטומלטער מיט די צעשפּרייטע פיס זיך אופגעשטעלט אפן וואָגן, דערקאָנט דעם ווייץ־פעלד פונעם בוריאַנאָווקער קאָלווירט און ס'איז אים מיטאַמאָל עפּעס גרינגער געוואָרן אפן הארצן. לינקס פונעם וועג האָט ער געזען פאַר זיך הונדערטער, הונדערטער קאָפּיצעס, וואָס זײַנען צוגעפּלעטשטע פונ די רעגנס, געלעגן פאַנאַנדערגעוואָרפן איבערן גאַנצן פעלד, אזש מיטן אויג ניט צו פאַרכאַפּן.

שעפּטל האָט ברייט א שמאָרכע געטאָן מיטן עטוואָס פאַריסענעם נאָז און דערפילט, אז ס'איז אים מיטאַמאָל עפּעס גוט געוואָרן אפן הארצן, שטאַרק גוט, ווי ער וואָלט אָקאָרשט, אָט דאָ אפן וועג עפּעס געפונען.

— אר־ווא... וואָס סע טוט זיך דאָ... אוי, וויפל קאָפּיצעס... עפּשער הונדערט הארבעס אוואדע,—איז ער אופגעלעבט געוואָרן. ער האָט מיטאַמאָל אינגאַנצן פאַרגעסן אָנ זײַנע

אייגענע אָנדערהאַלבן דעסיאַטינקעס גערשטן, ניט אראָפּגענומענ די אויגנ פונ קאָלעקטיוו־פעלד און געפילט, ווי אים קומט איצט עפּעס צו.

— אר־ווא, וואָס סע טוט זיך... זייער גאנצער ברויט ליגט דאָך נאָך דאָ... או, וויפל קאָפּיצעס...—האָט ער אַלץ איבערגעכאַזערט און געפילט, אז עס ווערט אים בעסער און פריילעכער אפנ הארצנ און עס לאָזנ אים אָפּ אסאך פארדראָסנ.

— וואָס קומט מיר ארויס פונ זייערע טראַקטערנ, וואָס מ'גיט זיי דאָרט און פונ זייערע מאשינענ, אז דער ברויט ליגט בא זיי סײַווי אפנ סטעפּ...—האָט ער אופגערעגט צופרידנ אָנגעהויבנ ריידנ צו זיך,—כ'האָב דאָס אינ דר'ערד, כ'האָב נאָך דערווײַל ניט געזענ זייערע גליקנ פונ דעם,—ניאָ,—האָט ער גיכער אונטערגעטריבנ די שקאַפּע,—ניש־קאָשע, ס'וועט זיי נאָך געגוג קאָסטנ זייערע מאשינעס, דאָרט,—האָט ער זיך געטרייסט,—און אז מע האָט געדארפט האָבנ ברויט, האָט מענ אים געהאט אָנ דעם אויך, א כלאָפּאָט מער ניט... זיי וועלנ שוינ פארשפּאָרנ דרעשנ, אָט קלײַבנ זיי זיך ווײַטער,—האָט ער זיך אומגעקיקט אפּ די כמארעס און געזענ, ווי זיי מײַדנ אויס די הופעלאָווער באַלקע, ווו ס'איז געלעגנ זײַנ קלינ,—אוואדע, זיי פארנעמענ זיך אהער, מע זעט דאָך, פונקט אהער, איבער די קאָפּיצעס פארנעמענ זיי זיך, אז מיט זייער פּײַכטקייט ציִענ זיי שוינ אליינ צו, די כמארעס,—האָט ער צופרידנ אַלץ צו זיך גערעדט.

אינגאנצנ אנ אופגעטרייסלטער, א צעבויטעטער האָט ער מיט א טראַסקערײַ זיך אראָפּגעלאָזט אינ דער ברייטער אויסגעטריקנטער באַלקע, וואָס האָט געגרענעצט בוריא־נאָווקער און קאוואַלעווסקער ערד. סאמע בא דער וועג דאָרט איז געשטאנענ א ברייטע ניט אָפּגעשניטענע היי־לאָנקע, וואָס האָט קאָנטיק געהערט צו בוריאנאָווקער קאָלווירט. די היי האָט שוינ לאנג געהאט אָפּגעבליט און געווענ פארגעלט און צוגעטריקנט פונ דער זונ. שעפּטל האָט זיך פארקוקט אפּ דער היי־לאָנקע און דערמאָנט זיך אָנ דער קאָסע, וואָס ער האָט מיטגענומענ מיט זיך.

ער האָט פארקערעוועט עטוואָס אָנ א זײַט דעמ וואָגנ, אָפּגעשטעלט אים און אומגע־קוקט זיך אינ אַלע זײַטנ, צי קיינער איז דאָ דערבײַ ערגעצ ניטאָ.

דער סטעפּ איז א געלבלעכער געלעגנ שטיל אונטער די שווימענדיקע שאָטנס פונ די כמארעס און קיינער האָט זיך דאָ אינ דער אויסגעטריקנטער באַלקע און אפּ די דערבײַיקע וועגנ ניט געזענ.

שעפּטל האָט טיף פונ וואָגנ ארויסגעשלעפּט די קאָסע, זיך ווידער אומגעקוקט אינ אַלע זײַטנ און א באָרועסער מיט ברייטע טריט זיך געלאָזט צו די היי.

— עכ, אויך מיר באַלעבאטים,—האָט ער מיט פארדראָס אויסגעשפּיגנ, באטראכטנדיק די היי. ער האָט האסטיק פארהויבנ די בלאנקענדיקע קאָסע און די איבערגעטריקנטע היי האָט אָנגעהויבנ שורשענ און די קאָסע האָט דינ אונטערגעקלונגענ צווישנ די הארטע שטענגלעך. שעפּטל האָט זיך באוועגט פאָרויס מיט ברייטע טריט. ער האָט שוינ געהאט געמאכט א פּאָר פראַקאָסנ און געוואָלט כאָטש נאָך איינ מאָל דורכגיינ, נאָר ער האָט פונ הינטערנ בארג דערהערט א קלינגערײַ פונ א וואָגנ און זיך דערשראָקנ אומגעקוקט.

דאָס טראכקערײַ האָט זיך בוילעט דערטראָגנ פונ הינטערנ בארג, נאָר דער וואַגנ האָט זיך נאָך ניט געזענ. שעפּטל האָט אינדערגיך צונויפגעשארט די אָנגעשניטענע היי און ארײַנגעוואָרפנ אינ הויכנ וואָגנ ארײַנ. נאָכדעמ האָט ער פארוקט טיף אונטער די שארפ־שמעקנדיקע היי די קאָסע, זי זאָל זיך ניט ארויסזענ, ארופגעכאַפּט זיך אפנ פערע־דאָק און אוועקגעשמיסנ.

ווען ער האָט שוין געהאט היפש אָפּגעפאָרן, האָט ער זיך אומגעקוקט, דערזען, ווי ערשט איצט האָט אפן סאמע ארופ־בארג זיך ארײַנגעשניטן דער קלינגענדיקער וואָגן און ס'האָט אים פארדראָסן.

— ער האָט געקאָנט אָנשנײַדן נאָך א ביסל הײ, אז ווער ווייס וויפל ער וועט דארפן טאָרטשען דאָרט, אין דער קוזניע.

ער האָט א צי געטאָן די וױשקעס און געלאָזן גיין דער בולאנער טראָט בא טראָט. זאָלן זיי ניט מיינען דאָרט אפ דער פור, אז ער אנטלויפט פון עפעס, פארקערט, ער האָט ניט וואָס צו יאָגן, זאָל זיך די שקאפע אָפּרוען.

סאמע ארופ דעם געדרייטן שליאַך, וואָס איז באוואָקסן געווען פוןביידע זײַטן מיט רויטלעכן פערדן־שטשאַוועל האָט מיט א הילכיקן טראַכקערײַ אים די פור אָנגעיאָגט.

— ווער איז, ווער פאָרט דאָס—האָט שעפטל זיך אומגעקוקט אפ די פּאָר ווײַסע גוט־אויסגעכאָוועטע פערד, ער האָט געכאפּט א קוק פון הינטן אפן וואָגן, צי עס זעט זיך ניט ארויס די קאָסע, א בארוּיִקטער האָט ער פאמעלעך ארויסגעשלעפּט פון דער טיפער הויזן־קעשענע דאָס רויטע מאכאָרקע־זעקעלע און פארדרייט א ציגאר. נאָכדעם האָט ער צוגעבונדן די וױשקעס צו דער לושניע און ניט אָפּשטעלנדיק די שקאפע, א באָרוועסער אראָפּגעשפּרונגען פונעם וואָגן.

ער איז אין די שמאָלע הויזן אַפּ עטוואָס אָן א זײַט, ארײַנגערוקט די האנט אין דער ענגער קעשענע און אָנגעטאפּט די שוועבעלעך, נאָר ער האָט דעם ציגאר ניט אָנגעצונדן. ער האָט פון דער זײַט וועג צוגעווארט ביז ס'איז אונטערגעפאָרן דער ניי־געקאָוועטער און דער אפ גרינ־אָפּגעפארבטער וואָגן און געמאכט א פּאָר טריט.

— א גאָט העלפ אײַך,—צורויכערן קען מען, א?—האָט ער זיך ארופגעכאפּט אפן גרינעם טרעפל פונעם וואָגן און געפילט, אז ס'איז אים עפעס קאַלעמוטנע געוואָרן אפן הארצן.

— זע נאָר סארא שקאפעס,—האָט ער מיט פארדראָס באטראכט די פּאָר אויסגעכאָוועטע ווײַסע פערד.

— ס'אי דײַנע?—האָט שעפטל אים אָנגעוויזן אפ די פערד און מוירע געהאט פארן ענטפער, וואָס ער וועט קריגן.

— מײַנע, פארשטייט זיך,—האָט דער פויער רוּיִק און קורץ געענטפערט. ער האָט אָנגעצונדן א שוועבעלע און געגעבן שעפּטלען צורויכערן.

שעפטל האָט פארויכערט, נאָר ער איז פונעם טרעפל ניט אראָפּ. ער איז געבליבן שטיין מיט איין פוס אפן טרעפל, די צווייטע איז אראָפּגעהאנגען אין דער לופטן, ער האָט זיך צוגעהאלטן מיט דער האנט און געפרווט פארפירן א שמוּעס; קעדיי קענען דערווײַל נאָך א ביסל אונטערפאָרן.

— און דער וואָגן,—האָט ער א פרעג געטאָן.

— פארשטייט זיך... ווי איז דאָס פערד אָן א וואָגן...

— ביסטו, הייסט עס, ניט אין קאָלווירט בא זיי,—האָט שעפטל זיך דערפרייט, ווי ער וואָלט זיך אָנגעכאפּט אָן עפעס אן האָפענונג.

— פארוואָס עפעס... דײַקע פון קאָלווירט,—האָט ער אײַנגעהאַלטן די פערד, זיי זאָלן גיין רוּיִק ארופ בארג.

— און די פערד?..—האָט שעפטל צעטומלט אים אָנגעקוקט.

די פערד, ווי דען... ווי אנדערש... שעפטל האָט א קיק געטאָן אפן פויער, ווי ער

וואָלט אים ניט פאַרשטאַנען, ער לאַכט פון אים, צי וואָס... ער האָט מער גאָרנישט געזאָגט, נאָר דער פויער האָט אַליין אָנגעהויבן ריידן, ער האָט זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן און געמוזט דערציילן, אַז דאָס פאָרט ער איצט פון הוליײַפּאָליע און פירט אַ ראַדיאָ־אופּנעמער, אַ פּרעמיע קען מען זאָגן, אַ זעקס־לאַמפּאָווע...

נאָר שעפּטל האָט קימאַט, ווי ניט געהערט, וואָס דער פויער האָט צו אים גערעדט, ער האָט געקוקט פאָרויס אויף זײַן אייגענעם אָפּגעקראָכענעם וואָגן און איז געווען צופרידן, וואָס ער איז ניט אַראָפּ פונעם טרעפּל.

— זאָל זי גיין אַ ווײַל מיט ליידיקן,—האָט ער געטראַכט וועגן זײַן בולאַנער,—זאָל זי זיך אַ ביסל אָפּרוען, געבנוג זי אַרומגעטריבן... נישקאָשע, די פערד זײַנען סײַווי ניט זײַנע.—און ער האָט אַלץ מער פאַרגעניגן געהאַט, וואָס ער פאָרט איצט אויף אַ פרעמדער פור, און וואָס זײַן אייגענער וואָגן גייט איצט אַ ליידיקער, אַ גרינגער.

זיי זײַנען שוין געווען אויף דער קאַוואַלעווסקער ערד. עס האָט זיך פאַרנומען ווידער אַרויף־בערגל און די פערד זײַנען געגאַנגען פּאַמעלעך.

שעפּטל איז אַלץ געשטאַנען אויפן טרעפּל, שווײַגנדיק געהערט דעם קאַוואַלעווסקער קאָלווירטניק, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגערעדט און געהאַלטן אין איין דערציילן וועגן זייער ווייץ, וואָס זיי האָבן שוין אָפּגעדראָשן, וועגן זייערע געדיכטע שווערע סעדער, וועגן זייער כודאָבע, וועגן די פּילצאָליקע פּרעמיעס, וואָס ער האָט שוין ביז איצט באַקומען, וועגן די נײַ־אויסגעבויטע שטאַלן און וועגן דער עלעקטריע. דערציילנדיק, איז ער געוואָרן אויפגערעגט און פאַרכאַפּט, ווי ער וואָלט געווען דער גאַנצער באַלעבאָס פון דעם אַלץ און שעפּטל האָט ניט געקענט פאַרשטיין, וואָס ער נעמט זיך איבער,—וואָסי, ס'איז זײַן וואָגן אי דאָס, צי זײַנע פערד, אַפילע דאָס בײַטש־שטעקל איז דאָך ניט זײַנס, וואָס קומט אים אַרויס פון דעם, אַז ס'זאָל דאָרט אַפילע זײַן אַן אָפּשיטעניש,—נישקאָשע, כ'האָב נאָך ניט געזען די גליקן דערווײַל...—האָט ער זיך געטרייסט,—דערווײַל ליגט נאָך אָן דער גאַנצער ברייט אויף בוריאַנאָווקער סטעפּ,—און ער האָט זיך אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט געזוכט אויך דאָ פאַרבליבענע קאָפּיצעס. נאָר רונד אַרום, פון ביידע זײַטן וועג האָט זיך געגעלט ווײַט, ווײַט ביזן בלויען האָריזאָנט אַ נאַקעטער סטעפּ, ערטערווײַז באַגרינט מיט פרישן גראָז. דאָס ברויט איז שוין קאָנטיק אײַנגאַנצן אַראָפּגעפירט געווען. אויפן סטערניא האָט זיך געפּאַשעט אַ גרויסע טשערעדע, ווי מ'וואָלט זי צונויפגעטריבן פון עטלעכע כוטערס, און ווײַטער אַביסל אין דער באַלקע, אויפן פרישן גראָז האָט זיך געפּאַשעט אַ טשערעדקע פון יונגע קעלבעלעך.

— ס'קען ניט זײַן, אַז זיי זאָלן שוין האָבן אַראָפּגעפירט דאָס גאַנצע ברויט, ס'קען ניט זײַן... אוואַדע, מיסטאָמע ליגט נאָך ערגעץ,—האָט ער זיך אַרומגעקוקט מיט די פאַרזשמורעטע אויגן און געזוכט קאָפּיצעס, ווי דאָס וואָלט אים איצט אָנגעגאַנגען אינעם לעבן, נאָר דער סטעפּ איז געלעגן אַ געלבלעכער, אַ ריינער און קיין איין קאָפּיצע האָט זיך אין ערגעץ ניט געזען.

שעפּטל האָט געפילט, ווי ס'הויבט אים אָן עפּעס שווער ווערן און ער האָט זיך געפּרוּווט אײַנריידן.

— עס קען ניט זײַן... אז ווען האָבן זיי דאָס באַוויזן... אַך, אַ פּאָהיבעל אויף אײַך!..—האָט ער אַן אויפגעקאָכטער, מיט קאַעס אַ פּאַטש געטאָן איבער די פליגן, וואָס האָבן זיך אים געזעצט אויפן האַלדז,—אָט אַ מאַפּאָליע, דער גאַנצער סטעפּ איז דאָ שוין ריין, ווייסט

זיי די ערד... אונ ס'האָט אים מיטאמאָל ארומגעכאפט עפעס אַנ אומעט אונ א שווערקײַט, ווי ער וואָלט עפעס אָקאָרשט דאָ פארלאָרנ אפנ מיטנ וועג...

— מיט לײַדיקע הענט וועסטו אזוי גיכ ניט אָפּדרעשנ,—האָט ער א טראכט געטאָנ וועגנ זײַנע אַנדערהאַלבנ דעסיאַטינעס גערשטנ וואָס פריִעט דאָרט אינ דער באַלקע,—אז וויס דאָס די ערד מיט אזא ארבעט.

דער וועג האָט זיכ געצויגנ אַלצ ארופ־בארג, נאָכדעם האָט ער זיכ פארקערעוועט גלײַכ אפ קאָוואַלעווסק.

ווענ זיי זײַנענ נאָכ א ביסל אָפּגעפאָרנ, האָט שעפטל באמערקט, ווי אנטקעגנ, בא ביידע זײַטנ פונ דער גלײַכער אונ ברייטער וועג, האָט זיכ עפעס געגרינט.

— וואָסי?..—האָט ער הייזעריקלעכ א פרעג געטאָנ,—וואָסי דאָרט?

— ביימער,—האָט דער קאוואַלעווסקער אָנגעצויגנ די ווישקעס, ווי ער וואָלט זיכ געקליבנ פאָרנ גיכער.

— ביימער?..—האָט שעפטל פארכידעשט איבערגעפרעגט,—ביימער אפנ מיטנ וועג?..

— אנ אלייע, קענ מענ זאָגנ, אז מ'זאָל צו אונדז אינ קאָלווירט אריינפאָרנ ניט אבי ווי, נאָר אָט אזוי, אז פונ ביידע זײַטנ זאָל גרינענ איבער דיר, ווי אינ א כאַלאָדאָקל קומט אויס...

— נו, נו..'—האָט שעפטל מיט צעבויטעטע אויגנ געקוקט אפ דער גרינקײַט, וואָס האָט זיכ דערנעענטערט,—לאכסט פונ מיר, ביימער... אפנ מיטנ וועג ביימער..

נאָר ניט ווײַט האָבנ זיכ שוינ געזענ בא ביידע זײַטנ אסאַכ, אסאַכ יונגע, עטוואָס באבלעטערטע ביימלעכ, וואָס האָבנ זיכ, ווי גרינע סטעושקעס אוועקגעצויגנ, אזש ביז קאוואַלעווסק אונ שעפטל האָט דערפילט, אז ס'איז אים טרוקנ געוואָרנ אינ מויל.

— טאקע ביימער!..—האָט ער הייזעריקלעכ, פארשטיקט זיכ אָפּגערופנ,—אינ מיטנ וועג ביימער...—האָט ער אַלצ ניט געקאָנט באנעמענ—וואָס, אקאציע?..

— פארוואָס עפעס אקאציע,—איז דער קאוואַלעווסקער צופרידנ געווענ, פונ דער איבעראשונג, וואָס ער וועט באלד מאכנ אפ אים.

— אקאציע איז שטעכיק,—האָט שעפטל זיכ א קראצ געטאָנ,—אקאציע לאָזט זיכ ניט ברעכנ...

— האָבנ מיר דײַקע פארזעצט עפל־ביימער, קענ מענ זאָגנ,—האָט דער קאוואַלעווסקער אונטערגעשמייכלט אינ די געדיכטע וואָנצנ, ווי אינ דעם וואָלט געלעגנ זײַנער אַנ אופטו.

— עפל־ביימער?!..—האָט שעפטל זיכ א כאפ געטאָנ,—נו, האָדיע. ווער פארזעצט דאָס פרוכט־ביימער אפנ מיטנ וועג, ווער סע וועט נאָר וועלנ וועט זיי דאָכ ארומרײַסנ, ווער סע וועט וועלנ...

— זאָל מענ ארומרײַסנ,—האָט דער קאוואַלעווסקער רויִק זיכ אָפּגערופנ,—אפ דעמ, קענ מענ זאָגנ, האָבנ מיר פארזעצט. ס'קומט אויס, ווי דו פאָרסט פארבײַ אונדזער ברונעמ, וועסט זיכ אָנטרינקענ אונ די פערד דײַנע אָנפּויענ, אָבער די וואסער, קענ מענ זאָגנ; וועסטו ניט אויסשעפנ אונ מיט זיכ ניט אוועקנעמענ... איר האָט גענוג אייגענע ברונעמער,—האָט ער זיכ אופגערעגט ריידנדיק, אונ געוואָלט עפעס דערווײַזנ, נאָר ס'האָט זיכ בא אימ ניט באקומענ.—נו, אָט וועסטו אינ עטלעכע יאָר ארומ פאָרנ צו אונדז אינ קאָלווירט ארײַנ, וועסט אָפּטרייסלענ עטלעכע עפל... אינ וואָגנ וועסטו דאָכ ניט באהאלטנ,—האָט ער א קוק געטאָנ אפ שעפטלענ,—וועסט אופעסנ עטלעכע עפל, זיכ אונ־

טערקרעפטיקנ, קענ מענ זאָגנ, אונדז איז דאָס קיינ שאָדנ ניט, מיר האָבנ אויסער דעמ פופציק העקטאר אונטער פרוכט־ביימער אונ פארנ מענטשנ איז דאָס פריילעכער אונ שענער, קענ מענ זאָגנ... נו, מירנ פאָרנ גיכער,—האָט ער זיכ מיטאמאָל אָפגערופנ אונ גענומענ די בייטש.

שעפטל איז א דערשלאָגענער אראָפ פונעמ טרעפל אונ א צעטומלטער אוועקגעלאָפנ פאָרויס צו זיינ וואָגנ.

באלד האָט דער קאווּאלעווסקער אפ די פאָר אויסגעכאָוועטע וויסע פערד אימ אריבערגעיאָגט אונ זיכ אוועקגעטראָגנ מיט א פריילעכנ טראכקענ אונ קלינגעריי איבער דעמ בּרייט־אויסגעפאָרענעמ וועג.

שעפטל האָט זיכ ארופגעכאפט אפ זיינ וואָגנ. די בולאנע, וואָס איז געשפאנט געווענ פונ דער רעכטער זייט דישעל, האָט זיכ פאמעלעכ טראָט בא טראָט געשלעפט, שאָקלענדיק נידעריק מיטנ קאָפ צו דער ערד, אונ דער דישעל האָט זיכ געוויגט אינ אלע זייטנ. ער האָט נאָכגעקוקט, שעפטל, נאָכ דער דערווייטערנדיקער פריילעכער קאוואלעווסקער פור אונ געפילט, ווי א שווערע בענקשאפט האָט זיכ פארפלאָנטערט אינ די רעדער פונ זיינ אייגענעמ, פאנאנדערגעטרייסלטנ וואָגנ.

א פארכמורעטער איז ער ארייַנגעפאָרנ אינ דער ברייטלעכער ייִנגער אלייע. פונביידע זייטנ וועג האָט ער געזענ פאר זיכ אסאכ ייִנגע־באבלעטערטע ביימעלעכ, ייאָס האָבנ זיכ מיט א שטילנ שורשעריי אונטערגעוויגט אונ געטריבנ דעמ בלעטער־געמורמל אהינ, אזש ביז קאוואלעווסק ארייַנ.

— טאטע עפל־ביימער!..—האָט שעפטל פונ דער ווייטנ זיכ צוגעקוקט צו די בלעטער,—עפל־ביימער...—האָט ער נאָכאמאָל איבערגעכאזערט, ווי ער וואָלט אלצ ניט געגלויבט,—אפנ מיטנ וועג פרוכט־ביימער...

ער איז אראָפ פונעמ וואָגנ אונ מיט צעטומלטע טריט אוועק צו די יונג־פארזעצטע ביימלעכ אונ געפילט, ווי ס'הייבט אימ אָנ אלצ שטארקער אונ שטארקער קלאפנ דאָס הארצ. מיט צעטומלטע טריט איז ער נאָכגעגאנגענ דעמ וואָגנ, פלאָנטערנדיק זיכ, ווי פארקישעפט, צווישנ די יונגע שלאנקע פלאנצונגענ.

נאָר פארוואָס האָבנ זיכ בא אימ מיטאמאָל אָנגעהויבנ מינענ די אויגנ? עפשער האָט ער דורכ דער ברוינלעכער קאָרע דערשפירט, ווי די יונגע וואָרצלענ זויגנ זיכ דאָ אייַנ טיפ אינ דער זאפטיקער, פייַכטער שווארצ־ערד אונ ס'האָט אימ פארכאפט דעמ אָטעמ, צי ס'האָט זיכ אימ אויסגעוויזנ, ווי פונ ביידע זייטנ וועג בויגנ זיכ שווער די צווייַגנ פולבאשאָטענע מיט פייַכטלעכע גלאנציקע פרוכט איבער אימ, איבער זיינ שקאָפע, איבער זיינ וואָגנ. זיי ־לאפנ אימ איבערנ קאָפ, אזש עס טרעשטשענ די צווייַגנ אונ די פולע שווערע עפל בויגנ זיכ אלצ נידעריקער צו דער ערד, צו די וואָרצלענ...

ער איז געגאנגענ פארקישעפט אונ ניט געקענט באנעמענ וואָס דאָ קומט פאָר.

— עפל־בוימער... אפנ מיטנ וועג... הונדערטער עפל־ביימער...

שוינ וויפל יאָר, ווי שעפטל האָט זיכ געקליבנ פארזעצנ בא זיכ אינ הויפ, הינטער דעמ אייגענעמ פענצטער, עטלעכע עפל־ביימער. ער האָט שוינ עטלעכע מאָל געהאט צורגעגרייט גריבער צוליב דעמ, נאָר די גריבער זייַנענ געבליבנ שטיינ ניט קיינ פארפלאנצטע אונ די איינציקע עפל־בוימ הינטער דער שטאל, וואָס איז פארבליבנ בעירושע נאָכ פונעמ זיידנ, האָט אויכ אָנגעהויבנ דארנ.

דאָכ גייט ער אלע נאכט עטלעכע מאָל ארויס אה־נ, הינטער דער שטאל דרייט זיכ

אַרום דער פאַרדאַכטער עפּלבוים און גיט אַכטונג, צי קײנער קריכט ניט אַהער איבער דער זאַהאַטע. און פאַרטאָג זוכט ער דאָרט צװישן דער קראָפּיװע, צי איז איבער נאַכט ניט אַראָפּגעפאַלן פונעם װינט, צי פון אַ װאָרעם, אַן עפּל, װאָס עמעצער קען אונטערקלײַבן.

דער עפּל־בוים האָט אים שוין גענוג געהאַט געקאָסט. אײנמאָל באַנאַכט, שלאָפנדיק געבן פענצטער, האָט ער דערהערט דאָרט, הינטער דער שטאַל, צװישן דעם געדיכטן גראָז קריכן עמעצן, ער האָט אַ צעטומלטער אַ כאַפּ געטאָן די װילע, אַרױסגעלאָפן אין די אײנע גרעט און מיט אַלע קױכעס זי אַ שלײדער געטאָן. די װילע האָט דעמלט אונטערגעהאַקט אַ פוס װילינאָװוס יאָריקע קעלבל און עז האָט זיך ניט געקאָנט אױסצאָלן פאַר איר...

שעפּטל איז נאָכגעגאַנגען פון הינטן דעם װאָגן, געזען פאַר זיך אַלץ נײַע און נײַע בײמעלעך, אָן אַ סאָף, און ס׳האָבן זיך באַ אים פון פאַרדראָס און װײטעק געביטן דער קאָליר אין די אױגן — זע װאָס סע טוט זיך, — האָט ער געבורטשעט אין זיך, — זע נאָר... אַפן מיטן װעג... , װער פאַרפלאַנצט דאָס אַפן מיטן װעג, מע װעט דאָך אַרומרײסלען... און ער האָט מיטאַמאָל דערפילט אַ סינע צו אָט די בײמלעך, װי מע װאָלט זײ פאַרזעצט דאָ אים אַפּ צעלאָכעס, נאָר צוליב צעלאָכעס האָבן זײ דאָס דאָ פאַרפלאַנצט...

ער האָט זיך אַרױפגעכאַפּט אַפן װאָגן און אָנגעהױבן טרײַבן גיכער די בולאַנע, װי ער װאָלט װעלן דורכפאָרן אַ זאַך, אַפּ װעלכער ס׳איז אים שװער און ניט אײַנגענעם צו קוקן, װי ער װאָלט װעלן אַנטלױפן פון דאַנען...

— ניאָ, אַ בראָך צו זײ, — האָט ער אונטערגעשמיסן די שקאַפּע, — נאָר זײ זוכן זיך... זײ װעלן דאָ האָבן בײמער, מײנען זײ, — האָט ער זיך געפּרוּװט באַרויִקן, — און אַז כ׳ל װעלן זײ אין אײן נאַכט אָפּטרײסלען... װאָסי זײ װעלן דאָ אײַנהיטן, אַבי פאַרפלאַנצט... באַ יעדער בױם װעלן זײ קײן היטער ניט אױעקשטעלן.

װען ער איז שוין געװען ניט װײַט פונעם גרינעם פּלאַנטאַזש, װאָס עפּנט אױף דעם אַרײַנפאָר אין קאָװאַלעװסקער קאָלװירט, האָט ער שוין געהאַט קימאַט איבערגעצײלט אַלע בײמלעך און אומבאַמערקט פאַר זיך אַלײן, געפּרוּװט באַרעכענען, װיפל בײמער װאָלטן אױסגעפאַלן אַפּ זײַן כײלעק, װען ער טרעט אַרײַן אַהער, צו זײ, אין קאָלעקטיװ אַרײַן, און פונעם געדאַנק אַלײן, פונעם כעזשבן, איז אים אַפּ אַ װײַלע געװאָרן גוט, װי ער װאָלט פּלוצלינג עפּעס געפינען, װי ער װאָלט רײַכער געװאָרן.

אַ מעטושטעשער איז ער דורכגעפאָרן דעם געדיכטן פּלאַנטאַזש, און אַראָפּגעלאָזט זיך אַראָפּ באַרג אין דאָרף אַרײַן. אַרײַנשנײַדנדיק זיך אין דער אָפענער ברײטער גאַס, האָט שעפּטל זיך אומגעקוקט, װי ער װאָלט פאַרבלאָנדזשעט ערגעץ, ניט אַהין, װוּהין ער איז געפאָרן. דער גרינער דאָרף, װאָס איז געלעגן אין אַ טאָל, איז געװען אײנגאַנצן אױסגעװײַסט. דורך די נידעריקע פּאַליסאַדניקעס, דורך די רױט־געפאַרבטע פּאַרקנס, האָבן אַרױסגעקוקט װײַס־אױסגעקאַלכטע שטיבער, אַרומגעפירטע באַ די װינקלען מיט בלױע און רױטע פאַרב. דאָס גאַנצע דאָרף האָט אױסגעזען פון דעם עפּעס אַסאַך ליכטיקער, גערא־מער און פרײלעכער.

באַ בײדע זײַטן גאַס, פאַרבײַ די נײַ־אָפּגעפאַרבטע פּאַרקנס האָבן זיך געצױגן, אָקאָרשט אױסגעלײגטע פון געלבלעכן שטײן טראָטואַרן. שעפּטל האָט זיך פון דער װײַטן אומגעקוקט אַפּ דעם, ניט פאַרשטאַנען, װאָס דאָס איז און פאַרקערעװעט אַפּ דער צװײטער גאַס. הינטערן סאָד האָט זיך די בולאַנע מיטאַמאָל צעפּודזשעט, װי ס׳װאָלט זי אַנטקעגן

אָנגעגאַנגען אַן אָרקעסטער און וואָלט אָנגעהויבן שפּילן בײַ איר אונטער די אויערן. פֿון אַ הויף ערגעץ דאָ נאָענט האָט זיך דערטראָגן אַ פֿריילעכע מוזיק, פֿון ראַדיאָ.

— אַך, פֿאַרברענט זאָלט איר ווערן, קודי,—האָט שעפּטל פֿאַר קאַעס אַ שינד געטאָן די שקאַפּע און קאַם זי אײַנגעהאַלטן,—וואָס טוט זיך דאָ, ווייסט דאָס די ערד...

ער איז סאַכאַקל אַ יאָר צײַט ניט געווען דאָ אויפֿן דאָרף, זינט ער האָט דעמלט געבראַכט באַנאַכט אַ פֿאַרוווּנדעטע עלקע רודנער, און איצט דערקענט ער ניט, דאָס אָרט.

אַנטקעגן, ווו ס'איז געווען דער בעסמעדרעש, איז געשטאַנען אַ נײַ־אויסגעבויטע פֿון רויטן־געברענטן ציגל, צווײ־שטאָקיקע געבײַדע און אַרום איז צעשלאָגן געווען אַ גאָרטן מיט יונגע אָלכעס און ליפּעס, און פֿאַרפֿלייצט מיט אַ קאָלערליי ווײַסלעכע און צונטער־רויטע בלומען. עס האָט געטראָגן פֿון דאָרט מיט שאַרפֿן דופֿט, ווי די בלומען וואָלטן שטאַרק אַרויסגעאָטעמט דעם נעקטער פֿון זיך, עס האָט געטראָגן מיט מיאַטע און זשאַסמין. צווישן די פֿילפֿאַרביקע בלומען זײַנען אַרומגעלאָפֿן קינדער, אין בלויע הייזלעך, געיאָגט זיך נאָך איינעם אַ ייִנגל און געשריִען אין דער הויך, איבערן גאַס.

— אינדוס...

— אינדוס... דו...

— אינדוס!..

שעפּטל האָט אויפֿגעציטערט, ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז דאָס שרײַט מען אויף אים און ער האָט האַסטיק פֿאַרקערעוועט צו דער קוזניע.

אין דער קוזניע האָט ער איבערגעלאָזט דעם אַקער און די בראָנע, עס האָט גע־דאַרפֿט געדויערן עטלעכע שאָ ביז מע וועט עס צורעכט מאַכן און איז אַליין אַוועקגע־פֿאָרן אָפּזוכן זײַנעם אַ פֿרײַנטל, וואָס ער האָט דאָ אויפֿן דאָרף.

— זאָל זײַן דאָס ביסל הײ, כ'ל נישקאָשע קענען בײַ אים אונטערפּאַשען די שקאַפּע,— האָט ער זיך געטראַכט.

ער האָט אים ניט געטראָפֿן אין דער היים און אויפֿן וועג אַ פֿרעג געטאָן בײַ קינדער, צי זײ האָבן אים ניט געזען דאָ ערגעץ.

— ער איז דאָרט... אין קאָלווירט־הויף... אין דער שטאַל איז ער,—האָבן די קינדער אויפֿגעהויבן אַ טומל,—מירן דיר ווײַזן... שטיי... האָבן זיי אָנגעהויבן קלעטערן אויפֿן וואָגן...—אָן אָ דאַרט... אין שטאַל איז ער, אויפֿן באַרג...

שעפּטל האָט זיך צעטומלט אומגעקוקט. אויפֿן וואָגן, איז שוין פֿול געווען מיט קינדער, ער האָט זיך אײַנגאַנצן אָנגעצונדן, געוואָלט אַראָפּטרײַבן זיי, נאָר ס'האָט זיך בײַ אים עפּעס ניט געעפֿנט דער מויל.

— אַהין, אָן דאָרט,—האָבן די קינדער געשריִען.

— אָנאָ־נאָ... כ'זע אים דאַכט זיך...

אַרויף באַרג, צו דער גרויסער און שטאַרק־לאַנגער שטאַל איז שעפּטל אָנגעפֿאָרן אײַנ־גאַנצן אַ באַגאָסענער אין שווייס. די קינדער זײַנען אַראָפּגעשפּרונגען און אָפּגעזוכט דעם אַלטן קאַבילעץ.

— אַ, שעפּטל,—האָט דער אַלטער זיך דערפֿרייט,—אָט, אַ גאַסט. שעפּטל איז אַראָפּ פֿונעם וואָגן און געוואַרט ביז די קינדער וועלן זיך צעגיין.

— די שקאַפּע קען מען בײַ דיר אַוועקשטעלן,—האָט ער זיך אַרומגעקוקט, צי קיינער הערט ניט. ער האָט אויסגעשפּאַנט די בולאַנע, דער אַלטער האָט זי באַטראַכט, צי איז

זי געזונט און אָװעקגעפירט זי פארן צײמל אין שטאל אַרײַן. שעפטל איז נאָכגעגאנגען
פון הינטן. פירנדיק פארן צײמל די שקאפע האָט דער אלטער זיך אלע װײַלע אומגעקוקט
אפ שעפטלען. ער האָט געװאָלט זען, װאָס פאר אן אײַנדרוק עס מאכן אפ אים די גוט-
אויסגעמאָסטענע טרוקענע און רײנע סטוילעס, די גערעמע, ליכטיקע שטאל מיטן גוט-
אײַנגעאָרדנטן װאסער־אָפפיר...

— נו, װאָס זאָגסטו, הא?—האָט ער זיך ניט געקענט אײַנהאלטן. שעפטל האָט
גאָרניט געענטפערט, ער איז שװײַגנדיק נאָכגעגאנגען און זיך אומגעקוקט פארװונדערט
אין אלע זײַטן. נאָכדעם האָט ער געזען, װי דער אלטער האָט אַרײַנגעפירט זײַן בולאנע
שקאפע אין א באזונדער סטוילע און אָנגעשאָטן איר האָבער אין דער קאָרעטע אַרײַן,
און שעפטל איז געװען צופרידן, װאָס די שקאפע װעט זיך דערװײַל דאָ כאָטש אונטער־
פאשען און דאָס ביסל היי, װאָס ער האָט באװיזן אָנקאָסיען װעט אויך בלײַבן...

— און װאָס זאָגסטו אפ אונדזערע לאָשעקעס,—האָט דער אלטער פארבײַגײענדיק א
א פאטש געטאָן א יונגן בורן לאָשעק איבערן הינטן,—האָסט שוין געזען ערגעץ אזא
פּאָראָדע?

שעפטל האָט עפעס א מרוקע געטאָן, נאָר ער האָט גאָרניט ניט געזאָגט.

— װאָס נעמט ער זיך איבער,— האָט אים פארדראָסן אפן אלטן,—ס'איז זײַן שטאל
אי דאָס, צי זײַנע לאָשעקעס. נאָר דער אלטער האָט גאָרנישט ניט באמערקט, ער איז גע־
װען אופגערעגט, װי ס'טרעפט, אז א מענטש האָט זיך לאנג ניט געזען מיט א צװײטן,
און איצט האָט ער אים באגעגנט און װיל אים אלץ אויסדערצײלן און אלץ
באװײַזן.

— קום, קום,—האָט ער ניט געלאָזט שעפטלען זיך פארהאלטן אין דער שטאל,—דו
װײסט נאָך ניט װאָס מיר האָבן דאָ אויסגעבויט,—האָט ער אופגערעגט גערעדט,—שא, אָן
איז אונדזער באָד, נאָר דאָס אי גאָרניט...

שעפטל איז שװײַגנדיק אים נאָכגעגאנגען אראָפ מיט דער סטעזשקע, באטראכט פארכי־
דעשט די באָד מיט אלע אירע אײַנריכטונגען און נאָכדעם אין זיך א בורטשע געטאָן.

— א באָד גאָר... װאָסי מ'קען אין סטאװאָק זיך ניט ארומװאשן, אבי פאטערן
געלט...—נאָר ער האָט פון דעם זיך ניט בארויִקט און געבליבן אינערלעך עפעס אומ-
צופרידן.

דער אלטער איז מיט די קרומלעכע פיס גיך געגאנגען, פארבײַ דער בריזאָרניע, האָט
ער מיט די גערטנער זיך אראָפגעלאָזט צו דער װאסער־מיל און געהאלטן אין אײן רײדן
און אָנגעװיזן מיט דער האנט אין אלע זײַטן, אָט אהין, אָט אהין, און דאָרט און ער האָט שטארק
האנאָע געהאט פון דעם, װי דאָס אלץ װאָלט געװען זײַן פארמעגן.

שעפטל איז א באָרװעסער אים נאָכגעגאנגען טריט בא טריט, ער איז פארכאפט געװען
פון דעם אלץ. ער האָט נאָך קײנמאָל אפ זײַן לעבן אין די ארומיקע דערפער אזוינס ניט
געזען, נאָר ער האָט ניט ארויסגערעדט קײן אײן װאָרט, װי ס'װאָלט אים אָפגענומען
דער צונג.

— װאָס נעמט ער זיך איבער,—האָט ער זיך אופגערעגט אפן אלטן,— ס'איז זײַנע,
צי װאָס, ס'איז זײַן באָד אי דאָס, אז װער סע װיל קען זיך באָדן דאָ, צי זײַן בריזאָר־
ניע אי דאָס, װאָס קען ער טאָן מיט דעם... און שעפטל האָט געפילט, װי ס'הײבט אים
אָן דרײען דער קאָפ פון דעם אלץ, פון דער שטאל, פון די שײנע לאָשעקעס, פון אויס־
געװײַסטע שטיבער און ס'איז אים שװער געװאָרן פון דעם אפן הארצן.

— נאָר אז וואָס קומט א־ויס פונ דעמ,—האָט ער זיכ געפּרוּווט טרייסטנ,—מ׳קענ גאָר ניט וויסנ, קענ מענ ניט...

– ס׳איז שוינ געוועג גוט טונקל ווענ שעפּטל איז מיט דער אונטערגעפּאשעטער שקאפּע צוגעפאָרנ צו דער קוזניע. ער האָט איינגעמאָסטעט אפנ וואָגנ דעמ אונטערגעקאָוועטנ אקער אונ די באָראָנע אונ האָט זיכ א מידער, איגנאנצנ אנ אופגעטרייסלטער געלאָזט פאָרנ א היימ.

דער פלאנטאזש האָט איצט אויסגעזענ בלאָוולעכ אונ זיכ קימאט צונויפגעגאָסנ מיט דער הימל־בלאָווקייט, וואָס האָט געטריפט איבערנ ווייסלעכ־אויסגעפאָרענעמ וועג אונ אי־בערנ ארומיקנ פארטייעטנ סטעפּ.

א גאנצנ וועג איז שעפּטל געפאָרנ שווייגנדיק, ווי פארשטיינערט. א פארכמורעטער איז ער געזעסנ אפ די פארבליבענע שטעכיקע היי אונ זיכ קיינ ריר ניט געטאָנ פונ אָרט.

דער צוריק־וועגס האָט זיכ געצויגנ ווידער דורכ דער יונג־פארזעצטער פּרוכט־אלייע. פונביידע זייטנ וועג זיינענ אָנגעלאָפנ מיט א שורשענ די ביימלעכ אונ אינ דער טונקל־קייט האָט זיכ שעפּטלענ אָנגעהויבנ דוכטנ, ווי די פאנאנדערגעוואקסענעביימער וויגנ זיכ מיט די געדיכטע צווייגנ. פול־באשאָטענע מיט פּרוכט בויגנ זיכ די צווייגנ איבער זיינ קאָפּ אונ קלאפּנ אימ מיט די פייכטלעכע גרויסע גלאנציקע עפּל איבער די אקסלענ, אי־בערנ פּאָנעמ. איבער דער נאָז אונ ס׳האָט אימ עפּעס ארומגעכאפּט א שרעק. ער האָט זיכ אומגעקוקט אפנ וואָגנ אונ דערזענ דאָרט דאָס ביסל איבערגעטריקנטע שטעכיקע היי, וואָס ער האָט אָנגעשניטנ פונ א פרעמדער לאָנקע, אונ ס׳האָט אימ פּלוצלינג דורכגענו־מענ א מאָדנער ציטער, וואָס ער האָט נאָכ אפ זיינ לעבנ ניט געפילט.

— זיי האָבנ פארפלאנצט עפּל־ביימער אפנ מיטנ וועג...—פאר אלעמענ האָבנ זיי פאר־פלאנצט... אפנ מיטנ וועג עפּל־ביימער... אונ איכ האָב אָנגעקאָסיעט א ביסל פרעמדע היי... זיינענ אימ באפאלנ צומ ערשטנ מאָל אפ זיינ לעבנ אזעלכע געדאנקענ, זיי האָבנ מיר קיינ האָבער פאר דער שקאפּע ניט געזשאלעוועט אונ איכ האָב פרעמדע היי געגאנ־וועט... דאָס האָט אימ אָנגעהויבנ אלץ מער אונ מערער ערגערנ אונ פּייניקנ,—מיט וואָס איז מיר גוט... מיט וואָס איז מיר גוט, אז איכ דארפ גאנווענענ,—האָט ער מיטאמאָל א טראכט געטאָנ,—מיט וואָס איז מיר גוט...—אונ ער האָט דערפילט א בושע פאר דער נאכט, וואָס איז אימ נאָכגעלאָפנ, פאר די שורשנדיקע פּרוכט־ביימער, פאר די פעלדער וואָס האָבנ אימ ברויט געגעבנ, ער האָט זיכ מיטאמאָל אופגעשטעלט אפנ וואָגנ, אונ מיט א ביטערער קלאָלע גענומענ ווארפנ אונ שליידערנ די היי איבערנ וועג, איבערנ סטעפּ, איבער די פעלדער.

— כ׳דארפ דאָס ניט, ס׳איז ניט מיינס!..—האָט ער געשריִענ, פארשטיקט גע־סאָפּעט אונ געשליידערט די געגאנוועטע שטעכיקע היי דער פינצטערער נאכט אינ פּאָנעמ ארײַנ.

נאָכדעמ איז ער א מידער געפאָרנ שווייגנדיק, פארשטיינערט אונ פאר די אויגנ זיינענ פאר אימ געשטאנענ דאָס אלץ, וואָס ער האָט געזענ דאָרט אינ קאוואלעווסק. ער האָט עס געוואָלט פארטרייבנ פונ זיכ, פארגעסנ אָנ דעמ, נאָר ניט געקענט.

שפּעט אינ אָוונט איז ער א מידער אָנגעפאָרנ אפ דער איינציקער שקאפּע צו זיכ אינ הויפ ארײַנ. אפנ הויפ איז געווענ שטארק פינצטער. קיינער איז ניט געווענ, כאָטש נעמ אונ פיר אלץ ארויס. שעפּטל האָט זיכ אומגעקוקט אפנ הויפ אונ פארביטערט פארזשמורעט

די אויגנ. ווענ ער איז נאָכ האלבנ טאָג ארויסגעפּאָרנ, האָט זיכ אימ געדוכט, אז ער האָט איבערגעלאָזנ א הויפ מיט באלעבאטישקײַט, מיט גוטס אונ איצט האָט ער גאָרניט געזענ. ער האָט געלאָזנ די שקאפּע ניט אויסגעשפּאנט אונ מיט שווערע טריט, ווי ער וואָלט זיכ געקליבנ ברעכנ די שויבנ, אוועק אינ דער זעמליאנקע.

ווענ ער איז ארײַנ, איז די טיר אָפּגעשפּרונגענ מיט א טראסק, אז די קליאמקע האָט לאנג נאָכגעקלונגענ. ער איז געבליבנ שטיינ א באָרוועסער אפנ סאמע שוועל. אנטקעגנ אפ דער נידעריקער פארהענגענער פענצטער האָט געסמאליעט א קאניצל אונ אינ ווינקל, אפ דער ערד, אפ די פאנאנדערגעשאָטענע גראָז האָט געכראָפּעט די אלטע.

— נאָר סע כראָפּעט!..—האָט ער פארשטיקט א בורטשע געטאָנ,—אז פארברענט זאָל דאָס ווערנ...—וואָס פוכנעסטו!?—האָט ער מיטאמאָל א געשריי געטאָנ, אזש די האלדז איז בא אימ רויט געוואָרנ,—וואָס פוכנעסטו... מ׳וועט דאָכ אלצ ארויסטראָגנ, די ערד זאָל דאָס נעמענ!.. ער האָט מיטנ פוס א קנאק געטאָנ איבערנ קריגל, וואָס איז געשטאנענ בא דער שוועל אונ דאָס קריגל האָט זיכ מיט א טראסק צעשאָטנ איבער דער גאנצער זעמליאנקע.

— וואָס, וואָסי דאָרט...—האָט די אלטע זיכ דערשראָקנ א כאפּ געטאָנ,—א? ווער אי דאָרט,—האָט זי אָנגעהויבנ קרעכצנ אונ בורטשענ.

שעפּטל איז געשטאנענ אפנ שוועל אונ געפילט, ווי ס׳ציטערנ אימ די הענט. ער וועט ניט אויסהאלטנ. אזוי ווי וואסערנ, וואָס קלײַבנ זיכ אָנ אינ סטאוואָק אונ רײַסנ דורכ די הרעבליע, אזוי האָט אינ אימ מיטאמאָל אופגעבורעט אלצ, וואָס עס האָט זיכ אינ אימ אָנגעקליבנ פארנ טאָג אונ ער האָט געפילט, אז אָט וועט פּלאצנ בא אימ דאָס הארצ פאר ווייטעק, פאר פארדראָס.

— שטיי אופ,—האָט ער ווידער א מרוקע געטאָנ,—די שקאפּע שפּאנ מיר אויס,—דו הערסט צי ניט... וואָס פוכנעסטו!.. ער האָט געשריִענ אונ אליינ ניט געהערט, וואָס ער שרײַט. ער האָט זיכ אָנגעהויבנ ווארפנ, שלײַדערנ מיט די פיס די גראָז אונ די בענקלעכ אונ די זברויע אונ אלצ, וואָס ס׳איז אימ געקומענ אונטער די פיס...

— מ׳האָט זיכ אָנגעזעצט אפ מיר אונ פארטיק,—האָט ער געסאָפּעט.

די אלטע איז א דערשראָקענע ארויסגעלאָפנ מיט די אויסגעדארטע קרומלעכע פיס אינ דרויסנ ארויס. נאָר שעפּטל איז גלײַכ ארויסגעלאָפנ נאָכ איר. ער האָט אליינ ניט גע־ ווּוסט, וואָס ער וויל. ער האָט זי אָפּגעשטופּט. ער האָט זי ניט געלאָזט אויסשפּאנענ, ער האָט זידלענדיק זיכ, אליינ אויסגעשפּאנט די שקאפּע אונ מיט קאָמ זי ארײַנגעטריבנ אינ דער ענגער שטאל ארײַנ.

שעפּטל האָט איבערגעלאָזט אזוי דעמ וואָגנ אונ זיכ ארומגעדרייט איבערנ פּינצטערנ הויפ, ארומ דער אויסגעקרימטער זעמליאנקע, ארומ דער קלוניע, ווי ער וואָלט דאָרט געזוכט א פארלאָרענע זאכ. נאָכדעמ איז ער אנ אָנגעכמורעטער מיט שווערע טריט ארײַנ אינ שטוב, אונ א וואָרפ געטאָנ זיכ אינ ווינקל אפ די צוגעלעגערטע גראָז.

די אלטע האָט זיכ פארקליבנ אונטערנ אויוונ, דערשראָקנ זיכ צוגעשפּארט דאָרט אונ מוירע געהאט הויכ צו עטעמענ. זי האָט אינ זיכ פארשאָלטנ אימ דאָס געביינ אונ די יאָרנ, אז כײַ וואָלט דאָס בעסער אויסגערונענ געוואָרנ, איידער זי האָט אימ געהאט־ נאָכדעמ האָט זי זיכ ניט אײַנגעהאלטנ אונ א בורטשע געטאָנ פונ אונטערנ אויוונ.

— וואָס וואַרפט דיכ דאָרט, וואָס...

— שטיל זאָל זײַנ,—האָט שעפּטל א געשריי געטאָנ,—ס׳איז מיסטאָמע גוט, איז מיר..

— וואָסי... וואָס זינדיקסטו, וואָס... דיר איז נאָך איצטער אויך בעסער...

— וואָס בעסער?!—האָט שעפּטל זיך אָנגעצונדן און זי ניט געלאָזט ריידן, וואָסי מיר בעסער?!.—ער האָט מער גאָר־ניט ניט געזאָגט, ער איז געבליבן ליגן מיט די פאַנאַנדערגעוואָרפענע באָרוועסע פיס איבערן גראָז און געפילט ווי כמאַרעס רוקן זיך אַלץ נידעריקער און נידעריקער איבער אים.

ער האָט צום ערשטן מאָל א טראַכט געטאָן אַנדערש וועגן זיך, וועגן זײַן הויף, וועגן זײַן ערד, וועגן זײַן לעבן... מיט וואָס איז מיר גוט, אויב באַ מיר סמאַליעט א קאַניצל און דאָרט ברענט עלעקטריע,—האָט אים אַרומגעכאַפּט א ווייטעק—מיט וואָס איז מיר גוט, אויב איך דאַרף גאַנווענען... פאַרוואָס אַרבעט ער אַף אַלעמען—האָט ער זיך דערמאָנט אינעם אַלטן קאָבילעץ,—און אים איז גוט און ער האָט אַלץ, און איך האָרעווע דאָס גאַנצע לעבן נאָר אַף זיך און ס'איז מיר שטענדיק שלעכט און כ'האָב זיך קיין פאָר שטיוול ניט אָנגעלעבט...

ער האָט זיך אַלץ געוואַלגערט אַף די גראָז און ניט געקאָנט אײַנדרעמלען. פאַר די אויגן האָבן זיך אונטערגעוויגט די עפּל־ביימער אַפּן וועג און מיט ווייטעק דערמאָנט אים אָן די ניט־פאַרפלאַנצטע גריבער הינטער זײַן פענצטער און האָט דערפילט, אַז אין שטוב איז אים עפּעס ענג געוואָרן און ס'האָט אים א צי געטאָן ערגעץ. ער איז אויפגעשטאַנען פון דער ערד און אַרויס אין הויף. אונטער דער זעמליאַנקע האָבן געקוואַקעט די פרעש, ווי זיי וואָלטן געשאָלטן די פאַרוואָלקנטע לעוואָנע און איבערן סטאַוואָק ערגעץ, אָדער צווישן דעם טשערעט, צי אַף א קוסט האָט אומעטיק געקוקעט א קוקו.

— אַף דײַן קאָפּ!..—האָט שעפּטל אַן אויפגערודערטער זיך אויסגעשאָלטן, ער האָט אויסגעשפּיגן און מיט צעהוידעטע טריט, ווי א שיקער זיך געלאָזט איבער דער זומער פינצטערער גאַס פונעם כוטער...

ס'האָט אים געצויגן ערגעץ...

---

מ. גרוביאַן

# כ׳האָב געזען...

באגינען, איז די בעריאָזע־טײַך ווי א רעגן־בויגן,
די לאָנקעס־כמארע, די קלאָרע, ציטערן אין הימל שטיל.
געקלאפט האָט דער בושל אפן קוימען, מיר געריסן די אויגן
אין שלאָף האָב איך א בענקשאפט א צויבערנדע געפילט.

דער דאך פון דײַן שטוב, דײַנע פענצטער, אונטער א ווייכער ליווע,
דער ברונעם, דער בוים מיטן ווערבע־פלויט געצאמט.
כ׳בין אמאָל געקומען מיט בלוט אפן העמד, מיט קויטיקע שטיוול,
ביסט מיר געפאלן אפן הארצן, פארבונדן די וונד אפ דער האנט.

באנאכט האָב איך גערוט. אין שניי האָט געשמייכלט די ערד,
האָסט געבעטן בא דײַן פאָטער פאר מיר א בעט מיט א קישן;
דער רויטארמייער איז מיד, אין שטאל שטייט זײַן פערד.
א ליכטיקער ווינט האָט דײַנע שויבן געוואָלט נאָר פארגיסן.

א כאָלעם מיט ווינטער־פריִען גאָלדענע אין מײַנע קאלטע פינגער,
כ׳בין אין מײַן ווונדערלעכער היים. כ׳האָב געוווּנען דעם שלאכט,
אפ מאָרגן האָסטו דערציילט פאר אלע באם טיש, כ׳האָב געזונגען,
אז פון שלאָף האָב איך גערעדט די גאנצע נאכט:

פון וועלדער ווארעמע, פון טײַכן קרישטאָלענע אין זונען־קאָליר,
פון שנירלעך פײַער אפ א נײַ־געבויטער גאס אין מײַן היים.
און די שטים איז געווען אזא צארטע, אן אָנגענומענע בא מיר.
נאָר פלוצים האָט דאָס קאָל זיך געביטן, זיך צעריסן פון געוויין.

דאָס האָב איך אין כאָלעם געזען פארלאָשענע פענצטער אין הײַזלעך צעשיטע,
ווו האלב־ווילד געלעבט האָבן פויערים הונגעריק, מידע, די האָר ניט געשוירן
האָסט געהערט ווי מײַן קאָל האָט זיך גרויזאם אזוי פארשניטן
דאָס איז די ליד וועגן קנעכטשאפט, וואָס מיר האָבן אפ אייביק פארלוירן.

און דאַן איז קלאָר געוואָרן פאַר דיר מײַן ווײ, וואָס איך האָב געקריגן.
האָסט מיר וואַרעם אַרומגענומען, מײַן וווּנד האָט זיך געהיילט, כ׳האָב געלאַכט,
ווען דו האָסט דערציילט, אַז כ׳בין רויִק אין בעט ניט געלעגן
פון שלאָף זיך געוואָרפן געזונגען די גאַנצע נאַכט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

באַגינען, איז די בעריאָוע־טײַך, ווי אַ רעגן־בויגן
די לאַנקעס־כמאַרע, די קלאָרע ציטערן אין הימל שטיל.
געקלאַפּט האָט דער בושעל אַפּן קוימען, מיר געריסן די אויגן
אין שלאָף האָב איך אַ בענקשאַפט אַ צויבערנדע געפילט.

## דאָרעמדיקע פעלדער.

דער בוהײַ האָט זיך צעלאַכט מיט אַלע צײַן אין מויל
אינמיטן דער טשערעדע געהויבן די פיס,
פון הימל איז געפאַלן אַ פײַערדיקע זונען־קויל
דעם אָוונט מיט טײַכן גינ־גאָלד באַגריסט.

ווי שמעקנדיק פריש איז דער רייעך פון ערשט אָנגעשניטענער פאַשע
אַז איך שטיי דאָ אין סטעפּ און ווער ברייטער און העכער;
באַגינען, האָבן אוקראַיִנישע מיידלעך מיט טוי זיך געוואַשן,
דעם הויכן קאָרן געבונדן מיט געזאַנג און געלעכטער.

די שיינע אוקראַיִנישע מיידלעך באַם קאָלווירטישן שײַער,
ווען די נאַכט הויבט אָן קלינגען מיט אַ לעוואָנע אַ גרויסער
וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אַזוי נאָענט, כאָטש פאַרויכער באַ איר אַ צעגײַער
ס׳איז ליכטיק נעכט, ס׳ברענען אין דעם דאָרעמדיקן אינדרויסן.

איך בלאָנדזשע אַוועק צו די ווײַנטרויבן אין פעלד ערגעץ טיפער,
אין האַרצן אַ ציטער אַ גרינגער, פון ביימלעך אַ שאָרכען,
צי שלאָפט ער שוין עפּשער אין בײַדל, דער אַלטיטשקער היטער,
צי האָט ער געשטעלט זיך ערשט אָוונט־ברויט קאָכן?..

באַ אַ וואַלד מיט קנאַקנדיקע צווײַגן און בלוילעכע פלעמלעך
ווערט די באָרד באַ דעם אַלטיטשקן היטער אַ פליגל פון אַ טויב אַ ריינער,
דאָס פּאָניִמ אין שניי אין ציכטיקן ביז איבער די ברעמען
דער אַלטיטשקער היטער אין דער ליבער וואַרעמקײַט מיט אויסגעגלײַכטע ביינער.

אָט הויבט ער אָן ריידן מיט יעדער ביימל און בלעטל באזונדער
און עס ברעקלט זײַן הארץ זיך אין שווערער דערמאָנונג,
דער הימל אין שטערן האָט ניט געוויגט דאָ קיינמאָל אזויפיל וואונדער
און די נאכט, ווי זי וואָלט וועלן זיך ארויסגאנווענען פון דאנען.

א ווינט. און די שלייפן בא מיר הער איך ווערן קילער,
עס דוכט זיך די ערד נעמט פלוצים צום הימל שוועבן,
ס'איז דאָ שוין אין מיר די באגײַסטערונג די גרעסטע פיל איך
פון א נײַ־אופגעריכטער ליד אין מײַן לעבן...

בעט איך דעם אלטיטשקן היטער, פירט מיר באווײַזן אײַערע צוקער־טרויבן
פירט איבער די דאָרעם־פעלדער די ליכטיקע און שיינע,
איך זע ווי עס שפילט שוין דער ווײַן אין אײַערע אויגן
אײַערע אויגן—צווײ ווײַנטרויבן, פול־אָנגעגאָסענע ריינע.

---

ש. גאָדינער

# בירעבידזשאנצעס

## דער „קלײנער אינטערנאציִאָנאל"

פארנאכט איז ארײַנגעקומענ צו ייִסראָעלנ א גרופּע יוגנטלעכע. דאָ איז געווענ אבראשקע טשערניאק, כאיִמ מודריק, באשי־בוזוק און אײנער עפּעס א קלײנ דאר ייִדל, וואָס האָט זיכ אומעטומ געהאלטנ מיט דער יוגנט.

אבראשקע איז געווענ, ווי שטענדיק, פרײלעכ. צוערשט האָט ער זיכ א וואָרפ געטאָנ צו עססטערנ זיכ קושנ. דערצו האָט באשי־בוזוק ניט דערלאָזט: ער איז אויסגעוואָקסנ צווישנ זײ.

כאיִמ מודריק האָט זיכ גלײַכ א קער געטאָנ צומ העלנ:

— איכ, כאיִמ מודריק, א קאָמסאָמאָליעצ... פונ אכט און צוואנציקסטנ בינ איכ דאָ... לאָמיר זײַנ באקאנט.

ייִסראָעל האָט א קוק געטאָנ אפ דער כעווריע, ארויסגענומענ די ליולקע פונ מויל, א זאָג געטאָנ:

— די הײשעריקנ זײַנענ שוינ דאָ... מיסטאָמע האָט שוינ עפּעס פּאסירט...

— אײנמאָל יאָ, פּאפּאשע, — האָט אבראשקע דערופ געענטפערט, — פאראנ אינ בירעבידזשאנ א שוועריקײַט אינ א נאָווינע...

— כ'וויס, כ'וויס... וואָרענ?! צו ייִסראָעלנ קומט מענ אָדער זוכנ עססטערנ, אָדער מיט א בירעבידזשאנער שוועריקײַט... איכ אפ אײַער אָרט, כעווריע, וואָלט שוינ לאנג גענומענ די טוערמאכערס פאר זײערע פּאסקודנע טשופּרינעס און אינ פּארפּלאָמבירטע וואָגאָנעס וואָלט איכ זײ פאר צוואנציק טויזנט מײַל מיטנ עקספּרעס פונ בירעבידזשאנ אוועקגעשיקט, וואָלט גלײַכ געוואָרנ אויס שוועריקײַטנ...

— געזענ די סצענע הײַנט בא דער באנ? — האָט כאיִמ מודריק א פרעג געטאָנ באמ העלנ.

נאָר אבראשקע האָט אימ איבערגעשלאָגנ די רײד. און דער אויפנ, ווי ער האָט עס געמאכט — אײַליק, ניט גלאט, מיט א ניט געלונגענעמ וויצל און געלעכטערל — איז געווענ דער סיגנאל פאר די איבעריקע יאטנ: ניט רעדנ וועגנ דעמ. עס האָט אויסגעזענ, אז אבראשקע שעמט זיכ פארנ העלנ מיט דער הײַנטיקער סצענע בא דער באנ.

דאָס קלײנע ייִדל האָט זיך געשפּילט מיטן צווילינג—מיט ייִסראָעלס ייִנגלעך. דאָס קלײנע ייִדל איז געווען א גוואלדאָוונער מײַסטער אפ קולביטן און פארשיידענע אקראָבאטישע שטיק. ער האָט געקאָנט שטײן אפן קאָפּ, גײן אפ די הענט, לויפן אפ אלע פיר טרייסלענדיק דערבײַ זײער קאָמיש מיטן טאָרס, ווי א קעלבל, ער האָט אויך געקאָנט א שטעל טאָן זיך אפן פּלויט אפ אײן פוס, א קריי טאָן, ווי א האָן און איבערקערן זיך אינדערלופטן.

די ייִנגלעך האָבן געקוויטשעט, געריסן פון אים שטיקער, געפוזעט מיט אים אפ דער ערד, געטומלט:

— פּעטער לאָזער—נאָך! פּעטער לאָזער—נאָך!

דאָס האָט פאריבן דעם געשפרעך וועגן דער סצענע בא דער באַן אזוי גיך, אז ייִסראָעל האָט אפילע ניט באוויזן צו „נעמען דאָס וואָרט" אפ דער טעמע. אבראשקע איז לאָזערן שטארק דאנקבאר געווען דערפאר און איז צוגעטראָטן גלײַך צום איניען:

— אָט וואָס פאר א מײַסע... אײנמאָל יאָ... איכל אָנהײבן פון סאָף... צו מיר אין דער בריגאדע ווילסטו גײן? מען דארף צוגײן אין וואלד א העלפ טאָן די האָלצ־פארגרײטער... דאָ טרעפט זיך אזוי, ברודער. שטײט א ייִשעוו קימאט אין מיטן וואלד און אין די ערשטע פרעסט פרירט מען שוין אין די שטיבלעך... וואָסי—ניט געכאפּט זיך צו דער צײַט אביסל האָלץ פארגרײטן... דו גײסט מיט אונדז? עסטער גײט...

אבראשקע טשערניאק איז א געוועזענער אָדעסער בעקער. א קײַלעכיק, ווײכלײַביק ייִנגל מיט א פּאָר גרויסע רונדע ברילן אין געלע פּישבײן־רעמלעך אפ דער קורצער און פולער נאָז. ער איז א שטיקל קאָמאנדארם צווישן די קאָמיוגיסטן. דאָס האָט שוין דער העלער זיך דערוווּסט פון עסטערן. ער האָט דעריבער גלײַך א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אפ יאָ און א פריילעכן ווונק געטאָן מיט די גרויסע בלויע אויגן:

— איך גײ...

אפ מאָרגן באַגינען האָט זיך די בריגאדע צונויפגעקליבן נעבן דער דריטער קיך. דער העלער האָט זיך דערפרײט. ער האָט דאָ געזען קימאט דורכויס יוגנט. געווען אסאך מיידלעך. העק און זעגן האָט מען זײ געגעבן ניט זײער שארפע און היפּשלעך פארזשאווערטע. שטריק—האלב צעפוילטע. נאָר אָנגעטאָן איז מען געווען גראָד נישקאָשע: אלע אין וואַרעמע, געשטעפּטע כאַקי־לײַבלעך מיט נײַע ספּראָנטשקעס פון הינטן. די בריגאדע „דער קלײנער אינטערנאציאָנאל"—דאָ זײַנען געווען ייִדישע יונגען פון פארשײדענע לענדער—האָט געטומלט, געהוקעט, גערופן די מומע באשע.

ס'איז געווען פרי. קײנער האָט נאָך גאָרניט ניט געגעסן. די קיך האָט זיך ערשט געדויכערט. צום רעכטן הײצן האָט עס נאָך געהאלטן ווײַט. צום פאַרטיקן פרישטיק—נאָך ווײַטער.

אפן גאניקל פון דער קיך האָט זיך באוויזן די מומע באשע. זי האָט ניט געלאָזט קומען צום וואָרט עמיצן פון דער בריגאדע. זי האָט זיך אלײן די ערשטע דאָס וואָרט גענומען.

— א פרישינקער אופקום אפ אײַך! וואָס האָט שוין ווידער פּאסירט? פרישטיק וועל איך האָבן אין א שאָ ארום, און עפּשער אין צווײ... סע ווענדט זיך אָנעם האָלץ...

די בריגאדע האָט זיך א הוידע געטאָן.

טשערניאק האָט זיך שטום, מיט אײנע פּאָר בליקן, בלויז א דינג געטאָן מיט דער מומע באשען און מיט דער בריגאדע. דערפון איז גאָרניט ארויסגעקומען. האָט ער איבער־

געלאָזט די בריגאַדע אַף דער גאַס און איז אַוועק מיט דער מומע באַשען אין קיך אַרײַן, צו די קעסלען, דאָרט זיך אַ דינג טאָן מיט איר. דערפון איז אויך קימאַט גאָרניט ניט אַרויסגעקומען. ערשט אין אַ מינוט צען אַרום איז קלאָר געוואָרן, אַז וואָס עס איז יאָ מעגלעך איז—אײַנטײלן יעדן אײנעם וואַלדהעקער ברויט.

דעם וועג אין וואַלד האָט מען פאַרזייט מיט לידער. בא דער אַרבעט גופע האָט מען גראָד געשוויגן. די טעמפּע זעגן האָבן ווי עס ניט איז געכריפּעט. די פאַרזשאַווערטע העק האָבן דומפּיק געהילכט. זיי האָבן זיך געשלייפט און געשליכטעוועט אָן די שטאַמען פון די ביימער. זיי האָבן אַזש אָנגעהויבן גלאַנצן. דער העלער האָט עס געזען און עס איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער האָט צום ערשטן מאָל איצט געזען די בירעבידזשאַנ־צעס בא דער אַרבעט. די אַרבעט איז געווען אַן אימפּעטפולע, אַ מוטיקע און לויט די קויכעס פון די אַרבעטנדיקע. די ביימער זײַנען געפאַלן אונטער זייערע הענט. דאָס איז געווען זייער וויכטיק פאַרן העלן. די שיינקייט פונעם וואַלד איז געווען ווונדערלעך. דער העלער האָט עס מיט איין פּאָר צענדליק בליקן באַמערקט און מער באַשלאָסן זיך ניט אומקוקן דערויף. פונדעסטוועגן האָט ער זיך ניט געקאָנט באַפרײַען פונעם געפיל, אַז די אַלע וואַלד־שיינקייטן, וואָס ער האָט אין זײַן לעבן געזען אַף דער ערד זיי—ניט מער ווי בלאַסע קאָפּיע־שטריכן פון דעם פּרעכטיקן נאַטור־בילד דאָ אין דער טײַגאַ. ער האָט ניט געקאָנט אײַנהאַלטן זײַן אַנטציקט האַרץ: עס האָט געטיאָכקעט—סאַראַ רײַכקייט! סאַראַ ריזיקע אַשירעס פון פאָרמען און פאַרבן!.. נאָר דער געדאַנק, ווי אַ בריגאַדיר, האָט דאָס האַרץ אַ מונטער געטאָן, אַ רוף געטאָן, צו דער אַרבעט געשטעלט:—ניט פאָרמען און פאַרבן ביסטו געקומען אַהער קלײַבן—האַלץ! האַלץ וואַלגערט זיך אַ יאַם. מיליאָנען קובאַ־מעטער. הייב איין עק פון געפאַלענעם בוים, לייג אים אַנידער אַפן קלעצל, פּאָר אַרײַן אין זײַן לײַב מיט די אָפּגעשלייפטע ציין פון דער זעג, צעשנײַד אים, צעשפּאַלט אים. און עס וועט זײַן וואַרעם אינדערהיים און אין דער פאַבריק, אין סאָוועט און אין שול.

פאַרנאַכט איז פּלוצלינג קלאָר געוואָרן, אַז די וועטשערע איז דאָ, אַפן אָרט.

דידאָזיקע שמאַדשטיק האָט אָפּגעטאָן דער בריגאַדיר, אַבראַשקע טשערניאַק.

אײנער אַליין איז ער אויך ניט פון די ייִנגלעך, וואָס לאָזן זיך פירן פאַרן הענטל, דערדאָזיקער געוועזענער אָדעסער בעקער, און מיט אַ בריגאַדע פון פּערציק יאַטן איז עס אַ פאַרטיקער קאָמאַנדאַרם.

דער קאָמאַנדאַרם האָט נאָך אינדערפרי, פון וועג, צוריקגעשיקט אַ יאַט—באַשוקן, אָדער באַשי־בוזוקן, — ווי מען האָט אים אין בירעבידזשאַנ גערופן—מיט אַ צעטעלע צו „גאָלבלום דער קאָאָפּעראַציע“. דאָס צעטעלע האָט געטראָגן אין זיך געציילטע צען ייִדישע ווערטער:

„כ׳ גאָלבלום, וועטשערע אין וואַלד. איינמאָל יאָ. אַניט פאַרשטייט איר דאָך אַליין דעם גוטיאָנטעוו, וואָס איך וועל אײַך מוזן מאַכן“.

באַשי־בוזוקן איז אָנגעזאָגט געוואָרן:

— אַ לעבעדיקער, צי אַ טויטער—נאָר אַ וועטשערע ברײַנג. און דאַפקע אַ הייסע. געזאָגט איז געטאָן. דאָס איז דײַן טאָג אַרבעט.

געגעסן האָט מען אין דער וואַלד־קיך.

נאָכן עסן האָט מען געשוויגן.

וועגן אומקערן זיך אין ייִשעוו נאָך דער וועטשערע איז געווען אַ כאַרפּע צו רײדן. וועגן שלאָפן אין דער קאַלטער קיך איז געווען אַ ווייטעק צו רײדן.

אבראשקע האָט באמערקט די סיבע פונעמ שווײַגנ אונ איז דער ערשטער ארויס דרויסנ. ער האָט מיטגענומענ מיט זיכ עסטערנ. נאָכ זיי איז שוינ אַלײנ נאָכגעגאנגענ דער העלער. מענ האָט צעלײגט שײַטערס. עסטער האָט זיכ געזעצט אינמיטנ. פונ בײדע זײַטנ—די יאטנ. דער וואלד האָט מיט זײַנע אוראלטע בוימער־קרוינענ פארשלאָסנ איבער זיכ דעמ נאכט־הימל. בא די שײַטערס איז געווענ ווארעמ אונ היימלעכ. ווי א רובינענשנירל האָט זיכ אפנ בערגל געצויגנ דער האלבער צענדליק שײַטערס. קרענצלעכ הערצער זײַנענ אָנגעניזשעוועט געווענ ארומ די הויפנס ליכט אונ ווארעמקײַט. ליבעס זײַנענ דאָ געשלאָסנ געוואָרנ. ליבעס זײַנענ דאָ אויסגעגאנגענ. ליבעס זײַנענ דאָ ג׳שטארקט געוואָרנ. ביז אינ דער שפּעטער נאכט האָבנ זיכ לידער צומ פארשלאָסענעמ הימל געטראָגנ. אלע מאָטיוונ זײַנענ דאָ געווענ.

אינדערפרי איז מענ ווידער ארויס צו דער ארבעט. די זונ איז געקומענ, ווי שטענדיק, די ערשטע. זי האָט אופגעשלאָסנ דעמ הימל איבער די אוראלטע בוימער־קרוינענ זי האָט אופגעריסנ די אויגנ בא אלעמענ.

וואָס באנאכט איז געווענ, איז אוועק. דעמ ביטערנ באָכערשנ פארדראָס פאר אוועקגענומענע ליפּנ פונ א מײדל פארנ קוש האָט די זונ פונ הארצ אויסגעלעקט. די זיסע וואָר פונ געמײנזאמער ווארעמקײַט אפנ דיל פונ דער וואלד־קיכ בא א פּאָרל, וואָס האָט געווארט מיט אומגעדולד, אז דער הימל זאָל זיכ שליסנ אונ די שײַטערס זאָלנ אויסגײנ, אונ דער שלאָפ זאָל פול זײַנ מיט נאָענטקײַט, האָט די זונ, ווי א פרעכטיקע מעלאָדיע די ליד—באשײַנט.

אינדערפרי האָבנ ווידער די העק מיט די זעגנ זיכ אײַנגעביסנ אינעמ לײַב פונ האָלצ. די קובאָמעטערס זײַנענ געוואָקסנ.

אבראשקע טשערניאק האָט נאָכ נעכטנ, פארנ ארויסגײנ אינ וואלד, זיכ אָפּגעמאָסטנ א נאָרמע. די נאָרמע איז פארטיק געוואָרנ אפנ צווייטנ טאָג נאָכמיטאָק. געארבעט האָט מענ אָבער נאָכ א שאָ דרײַ. א שאָד געווענ די זונ. אבראשקענ האָט זיכ אויסגעדוכט, אז אויב ער פירט איצט, אינ מיטנ טאָג, אוועק זײַנ בריגאדע פונ וואלד, וואָלט די זונ ביז פארנאכט געלויכטנ אומזיסט...

אפ צוריקוועגס פונ וואלד האָט ער ווידער עפּעס פארטראכט. ער האָט צוזאמענ מיט אלעמענ געזונגענ די לידער אונ דערבײַ געטראכט. ווענ ער האָט צוגעפירט די בריגאדע צו דער קיכ איז שוינ דער געדאנק בא אימ געווענ פארטיק אונ „באשטעטיקט“.

ער איז ארײַנ אינ קיכ. ער האָט דאָרט באשענ ניט געטראָפנ. ער איז ארויס צוריק אונ געמאָלדנ:

— אהיימ! אינ די שטיבער, כעווריע! געוואשנ זיכ! איינמאָל יאָ! פאראנ הײַנט אנ אָוונט מיט א וועטשערע! פּונקט אכט! ניט פארשפּעטיקנ! טענצ—ביז אינדערפרי! צעטײל די טאלאָנעס, באשי־בוזוק!

נאָכנ צעטײלנ די טאלאָנעס האָט ער באשי־בוזוקנ מיט עסטערנ פארהאלטנ. ער האָט געזענ, אז דער העלער וויל אויכ דאָ בלײַבנ, האָט ער עס אימ דער ערשטער פאָרגעלײגט:

— בלײַב דאָ. אירט באלד עפּעס זענ. אָט גײט זי.

באשע איז אָנגעקומענ מיט א זאק אפ די פּלײצעס. אבראשקע האָט עס א כאפּ געטאָנ אונ ארײַנגעשלעפּט אינ דער קיכ ארײַנ. דערבײַ האָט ער אפ איר א קוק געטאָנ אזוי, ווי זי וואָלט אימ עפּעס שולדיק געבליבנ. באשע האָט זײַנ בליק באמערקט אונ דערופ געזאָגט:

— אדאנק דיר פאר דײַן דזשענטלמענישקײַט. וואָס נאָך ווילסטו?
— פאראנ א נאקאז...
— אוואדע וועגנ א וועטשערע...
— אָבער א וועטשערע... א יאָנטעוודיקע...
— וועסטו דאָך אוואדע וועלנ מיט געפילטע פיש...
— אָפּגערעדט: מיט געפילטע פיש.
— אונ קוילעטשלעך?
— אָנ קוילעטשלעך גייט עס ניט...
— מיט א גילדערנער יויך פונ בירעבידזשאנער קאפּהענער?
— אָנ דיסקוסיעס, אודארניצע. מאסקים אפ א יויך.
— מיט געבראָטענעם סאָכאטע אפ דעם צווייטנ גערײכט?
— מירנ זיך ניט מיִעסנ מים א שטיקל סאָכאטע...
— דערצו דארפ מענ אוגערקעלעך מיט כריינ, מיט ראָשכוידעש־רעטעכלעך, מיט גרינע ציבעלעס, מיט גאָלדענע מערנ־רענדלעך, מיט די איבעריקע שאָרעס־יוראָקעס־בורעקעס...
— מיט די איבעריקע שאָרעס־יוראָקעס־בורעקעס...
— נו, אונ האָניק־קיכלעך?
— צו דער קאווע? אוואדע!
— נו, אונ ערשט דערנאָכדעם דארפ מענ דאָך דערלאנגענ צום טיש די עמעסע מארצעפאנעס...
— מאמאשע... ווי קאָנ מענ אָנ מארצעפאנעס?!

איצט איז איר שוינ גוט געווענ: זי האָט שוינ פארענדיקט איבערקלײַבנ די קארטאָפל, האָט זי ביזנ שיילנ געקאָנט איבערכאפּנ דעם אָטעם. ווענ ניט וואָלט זי ווײַטער אזוי גע־צויגנ דאָס צעטל פונ די מאכאָלים, וואָס זי וועט אלצ אינאָוונט צום טיש דערלאנגענ דערווײַל האָט זי געשײַערט דעם מעסער אונ ווי א וואלד־גאזלענ געקוקט אפנ יונג, אפ אבראשקע טשערניאק. דער יונג האָט געוווּסט מיט וואָס מענ קאָנ נעמענ די מומע באשענ אונ אויך שטום געקוקט אפ איר. עס האָט געדארפט הייסנ, אז ער קאָנ פונ איר די אויגנ ניט אראָפּנעמענ—אזא געניאַלע קיך־מײַסטערנ איז זי. זי האָט טאקע נעכטנ בא־קומענ א ווײַסע דעקע, א פרעמיע פאר אירע אײַנפאלנ אינ קיך. אונ זי איז ווערט גע־ווענ אויך. זי האָט געקאָנט דערלאנגענ צום טיש א פּאָר געשיילטע פארברוינטע קארטאָפל אונ אײַנשמועסנ, אז דאָס איז א געבראָטנס.

— געבראָטנס איז דאָס, וואָס עס איז צוגעבראָטנ אונ פארברוינט. דאָס וואָרט אליינ טײַט אָנ דערופּ... דערצו דארפ עס הייס זײַנ... דער איקער קויעך ליגט טאקע אינ דער ווארעמקײַט... איך האָב מיר מײַנ טעכניק באהערשט... איך ווייס... קארטאָפל, אז עס איז הייס אונ צוגעברוינט אונ סע שמעקט מיט געבראָטנס, איז עס א געבראָטנס. אלע איבע־ריקע שמיי־דריי, ווי פלייש, גענדזנס, קאטשקע, אינדעק,—דאָס אלצ לייגנ די גווירים אינ געבראָטנס צוליב דער פוריע וועגנ...

די עסער האָבנ געלאכט. גערײכטנ האָט זי געהאט ווייניק צו דערלאנגענ, אָבער ווערט־לעך—אלע טאָג פרישע. אונ איינע מײַכלדיקער פאר די אנדערע. זי האָט דערלאנגט צום טיש ווערטלעך געלישעטע, געפּרעגלטע, געבראָטענע, געזיסטע, געזײַערטע, געווײַניקטע... זי האָט די געקעכצנ דערלאנגט אפנ דעק טעלער אונ די ווערטער—א פולע שיסל. זי האָט געגעבנ דאָס, וואָס זי האָט פארמאָגט.

ווענ דער מעסער איז אָפּגעשלײפט געוואָרנ אונ א קלײנ דמײַגע־וואָלקנדל האָט זיכ באוויזנ אפנ ס׳מפאטישנ אָוואל פונ דער מומע באשעס פּאָנעמ, האָט אבראשקע געהאלטנ, אז איצט איז געקומענ די גוטע מינוט ווידער א רעד צו טאָנ וועגנ דער הײַנטיקער וועטשערע.

— אלע מאכאָלימ אויסגערעכנט?—האָט ער א פרעג געטאָנ.—אונ וואָס וועט זײַנ אינדערעמעסנ מאמאשע?

באשע האָט פײַנט געהאט דאָס וואָרט „אינדערעמעסנ״. זי האָט געלעבט אינ אנ אויסגעטראכטער וועלט. אינ א וועלט, וואָס איז פול געווענ מיט די טײַערסטע מאכאָלימ. אונ מיט הארצ־קלעמעניש האָט זי די האָרעפּאשנע בירעבידזשאנצעס אירע געקאָרמעט מיט קרופּניק אונ מיט צוגעברוינטע קארטאָפליעס. זי האָט ארויסגעטריבנ פונ איר קיכ דאָס וואָרט „אינדערעמעסנ״, ווײַל אינדערעמעסנ, וואָלט זי געדארפט מאכנ א טומל ביז מאָסקווע: מענטשנ האָרעווענ, רײַסנ דעמ רויערד מיט די ציינ, דארפ מענ זײ געבנ עסנ... אונ זי האָט ניט געוווסט ווי צו טאָנ עס. כאָטש... פונ גאָלבלומענ האָט זי טאקע שטיקער געשונדנ אונ פונ איר קיכ איז מענ נאָכ קײנ הונגעריקער ניט אוועק.

— אינדערעמעסנ,—האָט זי נאָכ א היפּשנ שווײַגנ געענטפערט,—קוק איכ אפ דיר אונ שטוינ: א מענטש פארענדיקט שוינ זײַנ פערטע פּיאטילעטקע אונ סײכל האָט עס...

— דו וויל נאָר, מאמאשע,—האָט אבראשקע א זעצ געטאָנ מיט זײַנ פולנ פויסטל אינ קיכ־טיש; דאָס האָט ער אויי א קיצל געטאָנ איר אײגנליבע. דידאָזיקע שלאָגלערנ האָט געהאט איר שוואכקײַט: זי האָט ליב געהאט, אז מענ זאָל רעדנ וועגנ איר קיכ, ווי וועגנ א קיכ, וואָס איז פול מיט די טײַערסטע פּראָדוקטנ אינ קעלער. זי דארפ נאָר וועלנ געבנ.

נאָר דאָסמאָל איז די זאכ צוגעגאנגענ זײער שווער. זי האָט טאקע געוואָלט גרײטנ פאר די יאטנ א וועטשערע, אז זײ זאָלנ כאָטש עפּעס וואָס דערשפּירנ פונ יאָנטעוו אונ סאקע קימאט ווי ניט געהאט פונ וואָס. האָט זי א שלײַדער געטאָנ אפנ טיש דעמ מעסער, אויסגעצויגנ צו אימ א פּאָר פארהאָרעוועטע הענט מיט גראָד לאנגע פינגער:

— דו זעסט?— האָט זי א שווינדל געטאָנ פאר זײַנע אויגנ מיט די פינגער,—פונ דעמ קאָנ איכ דיר מאכנ, וואָס דו ווילסט: איכ קאָנ דיר פלעכטנ קוילעטשלעכ... פונ די פינגער... איכ קאָנ דיר פּילנ פיש... מיט אָט די פינגער... איכ קאָנ דיר פליקנ דײַנע קאפהענער... מיט אָטאָ די פינגער... איכ קאָנ קנעטנ, איכ קאָנ בראָטנ, איכ קאָנ באקנ... אלצ מיט די פינגער... איכ האָב פינגער... מער האָב איכ גאָרניט...

דער העלער איז געשטאנענ אנ אנטציקטער. ער האָט געקוקט א פארליבטער אפ אירע פינגער. אימ האָט זיכ גערוכט, אז אינ דער נאָז קיצלענ אימ די אלע ווונדערלעכע מאכאָלימ, וואָס זי קאָנ אלצ מאכנ מיט אירע פינגער, דאָס איז געווענ א מינ גאסטראָנאָמישער היפּנאָז, ער האָט סלינע אינ מויל דערשפּירט.

באשי־בוזוק האָט זיכ פארנומענ מיט זײַנס: ער האָט אינ דער היצ פונ דער גרויסער דיסקוסיע אפנ ארויסגעשארטנ זשאר פונ אויוונ, געבאקט קארטאָפל. באשע האָט זיכ געכאפּט, ווענ ער האָט איר צוגעטראָגנ צו די פולע, עטוואָס קאפּריזנע ליפּנ אירע א פײַנע געבראָטענע קארטאָפל.

— באשי־בוזוק!—האָט זי א געשרײ געטאָנ אונ אינ העלנס אויערנ האָט עס געקלונגענ ווי „אקיצא״;—מיט אזא טאָנ טרײַבט מענ אָפּ די קאצ פונ דער סמעטענע.

עסטער האָט אָפּערירט אינ זאל. געפלאנעוועט ווי צו שטעלנ די טישנ.

אונ אינ פיר שאָ ארומ האָט זיכ דער אָוונט מיט דער וועטשערע אָנגעהויבנ.

די טישנ זײַנענ געשטאנענ באַ די ווענט אינ א „ח״. די טישנ זײַנענ געדעקט געווענ מיט ווײַסע לײַלעכער. ארומ די טישנ זײַנענ געזעסנ באַ אנ אכציק מאנ, דערהויפּט יוגנט, אלע האָלצ־פארגרייטער, אָבער, מערסטנס, אינ אָנצוגנ אונ קליידלעכ געניייט לויט אויסלענדישע פאסאָנענ אונ קאָלירט מיט אויסלענדישע פארבנ. דער כאוועד בערל איז געשטאנענ אויבנאָנ. זײַנע הויכע ברויזנדיקע קודלעס, באשאָטנ שוינ מיטנ זילבערנעמ שטויב פונעמ פינפטנ צענדליק יאָר, האָבנ געפלאַטערט אינ דער טונקעלער שײַנ פונ רויכערנדיקע נאפט־לאָמפנ. ער האָט געהאלטנ דעמ ארײַנפיר־וואָרט. ער האָט גערעדט, ווי אלע מיטלמעסיקע רעדנער: מיט דער טויזנט מאָל אויסגעפרוּווטער אונ קאָנטראָלירטער אינטאָנאציע. די אינטאָנאציע אליינ האָט גענומענ. עס האָט זיכ אויסגעדוכט, אז מענ הערט אימ גאָרניט. דער אוילעמ האָט היפּש געטומלט. אונ דאָכ זײַנענ געווענ ערטער אפילע אינ זײַנ רעדע, וואָס האָבנ פלוצלינג מיטגעריסנ. עס האָט אויסגעזענ, ווי די כעוורע וואָלטנ פונ זיכ אויסגעטיילט א פּאָר קאָנטראָלנע צוהערער, וואָס האָבנ ווי דורכ א דראָטלאָזנ מארכ־טעלעגראפ גלײַכ געגעבנ צו וויסנ אלעמענ, ווי נאָר דער כאוועד בערל האָט אָנגעהויבנ ריידנ אינטערעסאנט. ווירקלעכ מיטגעריסנ, האָבנ יענע ערטער אינ זײַנ רעדע, ווו ער האָט עפּעס קאָנקרעט־נײַס מיטגעטיילט וועגנ בירעבידזשאנ—וועגנ א וואגאָנ בלעכ אָדער וועגנ א פּאָר קעסטלעכ שוועבעלעכ, וועגנ דער יעגער־געזעלשאפט, וואָס גייט זיכ דאָ אָרגאניזירנ אָדער וועגנ דעמ וועג קײַנ קולדור, וואָס מע שטעלט זיכ בויענ... פארנ העלנ איז אויכ דאָס נײַ געווענ: אי דאָס, וואָס מענ טומלט שטארק, בײַס עס איז ניטאָ וואָס צו הערנ אינעמ כאוועד בערלס רעדע, אי דאָס וואָס דורכ עפּעס אנ אינערלעכנ סיגנאל ווערט פלוצלינג שטיל, ווי נאָר דער כאוועד בערל הייבט אָנ מיטיילנ ווירקלעכ אינטערעסאנטע פאקטנ, אי דאָס וואָס עס ברעכט אויס א פאטשערײַ, אנציקטע אויסגעשרייענ, ווענ דער כאוועד בערל טיילט מיט, מיט וואָס פארא פּאָשעטע העראָישקײַט עס איז אָנגעזעטיקט יעדע פיצל ארבעט דאָ הי, אינ בירעבידזשאנ, אָט, לעמאָשל, ווי אזוי כאָסיד האָט זיכ דרײַ מאָל געטרונקענ אינ דער בירא, ביז ער איז זי בײַגעקומענ אונ דאָכ דעמ טעלעגראפ־דראָט איבערנ טײַכ אריבערגעצויגנ, פארבינדונג אײַנגעשטעלט, אי דאָס, וואָס אָט האָט ער, דער כאוועד בערל, שוינ ווידער א שאָט געטאָנ מיט ווערטער וועגנ דער רעוואָליוציע „ביכלאל אונ אינגאנצנ גענומענ“ אונ אָט טומלט מענ שוינ ווידער...

באשע האָט, ווי שטענדיק, אזוי אויכ איצטער, דערלאנגט צומ טיש מער ווי זי האָט צוגעזאָגט. דאָ זײַנענ געווענ אי הערינגלעכ מיט פיצלעכ ציבעלקעלע, אי א זופּ, א געדיכטער, ווי געוויינלעכ, אי א „זשארקויע“ „אָנ שמיי—דריי“, אי אפילע צו צוויי פיצינקע קיכעלעכ פונ שווארצנ מעל אפ יעדנ פארשוינ. דער העלער האָט אפ אלצ געזענ אירע וווּנדערלעכע פינגער, אימ איז ווארעמ געוואָרנ דערפונ.

נאָכנ טיי האָט מענ געזונגענ לידער. דאָס זײַנענ געווענ גאָר אנדערע לידער, זיי האָבנ דעמ פארדראָס, ווי דורכ א קוימענ ארויסגעצויגנ פונ העלנ הארצ. זיי האָבנ דאָרט פארפלאנצט אנציקטע איבעראשונג. דאָס איז געווענ א מינ אינטערנאציאָנאל אינ לידער. דאָס איז געווענ א וווּנדערלעכער קראנצ פונ בלוטיקע בלומענ, צונויפגעטראָגענע אהער פונ דעמ גאנצנ ערד־קוגל, פונ אלע נעסטנ פונ נויט, פײַנ אונ קאמפ.

דער העלער האָט אזש געפיבערט. דער אייביקער פײַנלעכער דעפעקט זײַנער, די שעמעוודיקײַט, האָט אימ געשטערט מונטער אונ פרײַ מיטזינגענ מיט אלעמענ. ער איז געזעסנ שווער, ענג אויסערלעכ, די צוויי איבערגעלאָזטע קיכעלעכ אפנ טעצל האָבנ ווי צוויי גליִענדיקע קוילנ געהיצט זײַנ פּאָנעמ, באדעקט מיט שוויס. זיי האָבנ אימ געשטערט. ער

האָט זיך געמוזט באַפרײַען פון זיי און ער האָט אוועקגעדרייט די אויגן אין א ווינקל. דאָ האָט ער דערזען א צעפלאַמטן, רויטן פּאָנעם. באַשי-בוזוק איז געזעסן אין ווינקל. זײַנע אויגן האָבן געשײַנט מיט א פרײלעכן, אנטציקטן גלאַנץ. זײַן מויל איז געווען אָפן, ער האָט געזונגען. ער האָט געזונגען און געהוידעט זיך. בא די הויכע נאָטעס האָט ער דעם קאָפּ שארף געוואָרפן אפ הינטן און ארויף. און דאָ האָט דער העלער אפ גיך א פּיר געטאָן מיט די אויגן איבער אלע פּנעמער. אלע האָבן זיי אזוי איצט אויסגעזען, ווי באַשי-בוזוק: רויט, צעפלאַמט, די מײַלער אָפן, די אקסלען וויגן זיך הין און צוריק, בא די הויכע נאָטעס גיבן זיך אלע קעפּ ריטמיש א וואָרף אפ הינטן, א ריס ארויף:

בלוט מוז פליסן,
פאָרווערטס!—ניט צוריק!
מיר לעבן און מיר שטערבן פאר א ראַטנרעפּובליק!
שמירט די גיליאָטינע
מיט פאשיסטיש פעטס!
היי!
בלוט מוז פליסן,
פאָרווערטס!—ניט צוריק!..

דער העלער האָט געזען: זיי לאָזן איינע די אנדערע ניט צורו. ענדיקט איין גרופּע איר ליד, שרײַען אויס אכציק יונגע געזונטע קעלן דרײַ מאָל דורכאנאנד אין כאָר און מיט אופגעהויבענע פויסטן:

ראָט-פראָנט!
ראָט-פראָנט!
ראָט-פראָנט!

און מען נעמט זיך גלײַך צו א צווייט ליד.

צי ווילסטו, מיידל, ייִנגלעך קושן
פאריאָ!
דאן מוזטו האָבן א ריין געוויסן
פאריאָ!

ער האָט געפּרוּווט ארויסרופן אין דער פאָרשטעלונג די אלע נעסטן, ווו דידאָזיקע יונגע מענטשן זײַנען געבוירן געוואָרן. ער האָט געזען: קליינע, שמוציקע, פאריפּעשטע שטעטלעך אין פּוילן, ליטע, מײַרעוו-ווײַסרוסלאנד... ער האָט זיי געזען קינדווײַז ארומלויפן הונגעריקע, מיט נאקעטע בײַכלעך...

און זיי האָבן אלץ געזונגען:

„דאָ באָיו אידושע נאש טשערוואָני גורט
נאס ניע אוסטראשאָן פּאָליצייסקי ליוט,
באָ קאָמסאָמאָלצי—טאָ מלאָדשעושי קוויאט,
נאפּשור, טאָווארזשישי, בודשיטש צאלי שוויאט!“

ער האָט זיי געזען אויסגעוואָקסענע, צעטריבענע איבער די וועלט-שטעט. זיי האָבן דאָרט געזוכט דאָס לעבן און געפונען פּײַן. זיי האָבן געלעבט אין שטעט, ווו עס זײַנע

געווען ספּעציעלע דיעטע־קיכן פאַר הינט און קעץ, און זיי, יונגע, געזונטע, זײַנען אַרומגעגאַנגען ליידיקע און הונגעריקע, איבעריקע אַף דער וועלט... זיי האָבן עס ניט פאַרגעסן. זיי דערמאָנען עס איצט אין זייערע לידער:

אומגעצײלטע יאָרן,
אומגעצײלטע יאָרן,
אומגעצײלטע יאָרן
פון דער שקלאַפערײַ...

עס האָט גאָר קיין סאָף ניט גענומען צו זייערע לידער.

זיי האָבן געזונגען די „וואַרשאַוויאַנקע“ אַף פּויליש, די „אַוואַנטי־פּאָפּאָלאָ“ אַף איטאַליעניש, דעם „ראָטן וועדינג“ אַף דײַטש, דעם „אינטערנאַציאָנאַל“ אַף פראַנצויזיש, די „וואָלאָטשײַעווקע“ אַף רוסיש, דעם בודיאָני־מאַרש אַף ייִדיש... מען האָט געזונגען אַף שפּאַניש, אַף טאָטעריש, אַף כינעזיש, אַף קאָרייִש, אַף אַראַביש... די לידער האָבן ווי פולווער־אויפרײַסן אויפגעהילכט דאָ און דאָרט, יעדעס מאָל אין אַן אַנדער ווינקל, און יעדעס מאָל האָט זיך עס גוט אָנגענומען, צעפלאַקערט אין אַ ברייטן כאָר—אַלע האָבן מיטגעזונגען, ער איינער. נאָר האָט געשוויגן. ער איז געווען פאַרנומען. ער האָט געטראַכט: אַ מעסלעס־רײַזע צום „גאָלדענעם האָרן“... צום שטילן אָקעאַן... צום אַמור איז נאָך נעענטער... מיט פינף יאָר צוריק איז דאָ געווען אַ טויבער העק... איצט קלינגען דאָ רויטע קאַמפס־לידער אַף אַלע שפּראַכן פון דער וועלט... צי דאָס איז מעגלעך געווען אין זײַן לאַהישין? אַך, זײַנע פּוסטע גאַדלעס פון אַ „וועלט־אַרבעטאָרער“ האָט אים פאַרפירט... נאָר פון אַ צווייטן ווינקל דערהערט זיך פּלוצלינג אַ הייזעריקע, אַ בלעכענע, אַף דורך און דורך אַ דורכגעהוסטע און דורכגעקרעכצטע שטים:

פון כיסלאַוויטש און ביז ליבאַוויטש
און וואָס הער איך אײַך...

— אַראָפּ! אַראָפּ!—שרײַען די יאַטן.—נידער מיט כיסלאַוויטש!

און זיי גיבן ברוסטיק, מונטער און הילכיק אַ זעץ, צעהוידענדיק זיך הין און הער מיט די יונגע שטײַפע אַקסלען:

לינקס, לינקס אונד לינקס...
דער ראָטער וועדינג מאַרשירט...
לינקס, לינקס, לינקס אונד לינקס...

אין אַ ווינקל קיכ שוואַרצט זיך דער באַרג מאַנטלען.

אין אַ ווינקל שויב גרויט דער אויפקומענדיקער באַגינען.

דער אָוונט איז נאָך אין פולן ברען. מע שפּרינגט אַרויס פון הינטער די טישן. מע וואַרפט אַרויס די בענקלעך. מע רוקט צענויף די טישן אין אַ ווינקל. אויבנאָן גיט זיך אַ שטעל באַשי־בוזוק מיט דער האַרמאָניק. נעבן אים—כאַיִם מודריק מיטן פּויק. פאָרויס גיט זיך אַ שטעל לאַזער דער אַקראָבאַטשיק מיטן פלייט. מען מאַכט אַ קרײַז. מען טאַנצט. די טענץ זײַנען אויך צונויפגעשלעפּטע פון דער גאַנצער וועלט. די טענץ זײַנען עלטער פאַר די לידער. מען טאַנצט קאַדריל, פּאַ־דע־ספּאַן. פּאָלקע־מאַזורקע, קראַקאָוויאַק, אַ שער, אַ רויגעז־טאַנץ, אַ טאַנגאָ, אַ פאָקסטראָט, די ניט לאַנג אָנגעקומענע טאַנצן טשאַרלסטאָן... יבעס נעמען זיך אָן באַ די טענץ... ליבעס גייען אויס אין די טענץ... ליבעס שוועבן

אינ דער לופטנ אונ זוכנ די פאָרלעכ... מענ טאנצט ביז פריִענ טאָג. אבראשקע טשערניאק טאנצט מער פאר אלעמענ אונ אינ סאמע רעכטנ ברענ פונ טאנצ גיט ער פלוצלינג א הויב זײַנ האנט צום אָרקעסטער. באשי־בוזוק גיט א דריק מיט אלע צענ פינגער אפ די באסלעכ, גיט א ריס די הארמאָניק הינ אונ צוריק, כאַיִם מודריק צעשיט א פולע זשמעניע שרויפ איבערנ פויק אונ פארענדיקט מיט א דונערדיקנ זעצ מיט דער גראָבער בולעווע, לאָזער דער אקראָבאטשיק גיט א פײַפ ארויס א לאנגנ קרעכצ אפ זײַנ פלייט אונ טשערניאק גיט זיכ א שטעל איבער אלעמענס קעפ.

— כעוורע!—שרײַט ער.—פאראנ א טעלעגראמע... נאָרוואָס באקומענ... פונ „באָנ“ האָט זיכ אָפגעריסנ אנ עקספּאָרט־פליט... ער גייט מיט דער בירא... ער דארפ שוינ זײַנ דאָהי... אויב עס וועט זיכ געפינענ א בריגאדע, וואָס וועט די קלעצער ארויסשלעפּנ פונ וואסער איז עס אונדזערס... גייט עס אפ בויענ אונדזער ייִשעוו... ווער איז דער צווייטער? דער ערשטער איז דער כאווער יאָסל... אָט שטייט ער... אנטשולדיקט מיר... ווער איז דער דריטער? דער צווייטער בינ איכ...

דער העלער האָט געפלאמט. פארוואָס רעכנט מענ אימ פארנ ערשטנ? פונ וואנענ ווייס ער? נאָר ער האָט ניט באוויזנ צו דערטראכטנ. די יאטנ האָבנ זיכ צעברויזט, צעשטורעמט, די מיידלעכ האָבנ אײַליק אונ שארפ זיכ צעקוויטשעט—מוירע געהאט, אז מענ וועט זיי ניט מיטנעמענ. א צענדליק כעוורע זײַנענ שוינ געווענ דרויסנ. באשי־בוזוק האָט זיי אויסגעשטעלט אינ רייענ. לאָזער אקראָבאטשיק האָט אפ זײַנ פלייט אויסגעפײַפט דעמ „באגינענ־רופ“. עסטער מיטנ העלנ האָבנ זיכ אויכ געשטעלט. זיי זײַנענ שוינ געווענ ערגעצ אינ דער צענטער, צי אינ דער צוועלפטער ריי. ווענ אבראשקע טשערניאק איז ארויס, האָט באשי־בוזוק גראָד א קאָמאנדעווע געטאָנ:

— לויט דער ריי—צייל!

— איינס, צוויי, דרײַ, פיר...—האָט זיכ קורצ אונ אָפגעהאקט געהערט.

לאָזער איז צוגעשפרונגענ צום לינקנ פלאנג.

— אכט אונ צוואנציק!—האָט ער אויסגעשריִענ אונ א דריי געטאָנ זײַנ קליינעמ קאָפּ צו טשערניאקנ.

— צו דער בירא!—האָט טשערניאק א זאָג געטאָנ אונ אוועקגעשפּאנט פאָרויס.

— לינקס! לינקס! לינקס אונד לינקס!

ס'איז געווענ פרי. ס'איז געווענ פריש. דער הימל איז געווענ פארוואָלקנט. ערגעצ הינטער די ווײַטע בערג האָט זיכ געלאָזט דער שניי אינ גאנג אהער. פאָרויס איז געלעגנ די בירא. אירע ברעגנ זײַנענ שוינ באזוימט געווענ מיט א דינעמ גלעזערנעמ אײַז־הײַטלערגעצ פונ הינטער דער סאָפּקע האָבנ געשוואומענ גוטע עקספּאָרט־קלעצער. פערצנ רייענ יונגענ, איינער אינ איינעמ, צו פיר אינ א ריי, יאטנ אונ מיידלעכ, קינדער, געקומענע פונ דער גאנצער וועלט נויט אונ פײַנ, האָבנ געשפּאנט מיט שטײַפנ מונטערנ טראָט, געוואָרפנ פאָרויס זיכ זייער הילכיקע, מונטערע אונ דראָענדיקע ליד:

לינקס אונד לינקס!

דער ראָטער וועדינג מארשירט!
לינקס! לינקס! לינקס אונד לינקס!..

מיט אָט דעמ ליד האָבנ זיי ניט ווילנדיק געוועקט זייער היימפלאצ, דעמ ייִשעוו בירעבידזשאנ.

א. פֿאַדייעוו

# ערד-ציטערניש

(דערציילונג)

1

לויט די באַדינגונגען פֿון וואָפֿן-שטילשטאַנד, וואָס מיר האָבן געשלאָסן מיט יאַפּאָניע זײַנען אין יאָר 1920 די טיילן פֿון דער פּרימאָרישער גרופּע אַוועק אָף 30 קילאָמעטער פֿון דער אײַזנבאַן, הינטער דער נייטראַלער זאָנע. דער צווייטער וואַנגאַוישער באַזונדערער באַטאַליאָן איז אַוועק אין טיפֿן הינטערלאַנד פֿון טײַגע אין דאָרף אָלכאָווקע. דאָ האָט דער באַטאַליאָן געדאַרפֿט אויסבויען ווינטער-וווינונגען און שפּײַכלערס—טאָמער קומט ווידער אַמאָל אויס צו פֿירן אַ פּאַרטיזאַנישע מילכאָמע.

עס איז אָנגעקומען דער כוידעש אויגוסט. די ווינטער-וווינונגען און שפּײַכלערס זײַנען שוין לאַנג געווען אויסגעבויט, און פֿון ערגעץ איז ניט אָנגעקומען ניט קיין פּראָוויאַנט און ניט קיין אַמוניציע. אָט פֿונקט, ווי פֿאַרגעסן זיך אײַנגאַנצן אָן באַטאַליאָן. אין משך פֿון אַ כוידעש צײַט האָבן די אַרמייער באַקומען צו הויפֿנס ווייץ אַ טאָג.

האָט מען דעמאָלט באַשלאָסן צו שיקן אין דערבײַיִקן טאָל, ווו עס איז געווען אַ געטרעטעניש אָף ברויט, צוויי אָפּטיילונג-קאָמאַנדירן, פֿעדאָר מײַגולע און טראָפֿים שוטקע—בעטן הילף.

פֿעדאָר מײַגולע און טראָפֿים שוטקע שטאַמען פֿון די דאָרעמדיקע אוסורישע ראַיאָנען. זיי זײַנען געווען פֿון איין דאָרף און אין איין עלטער. צווישן זיי ביידן האָט געהערשט אַ נאָענטע כאַווערשאַפֿט. דאָס זײַנען געווען די עמעסע כעווערלײַט. געוויקסיק ווי די יאַסען ביימער. מײַגולע האָט ליב געהאַט טרוימען. אין אַ פֿרײַער צײַט האָט ער געקאָנט אָפּליגן שאָענלאַנג אין גראָז און קוקן, ווי די וואָלקן שווימען איבערן הימל, ווי די זון שפּילט זיך אָף די שטאַמען פֿון די ביימער, וויאַזוי די שאָטנס לייגן זיך אינדערפֿרי, אין אָוונט און אין האַלבן טאָג, און ווי עס בײַטן זיך די קאָלירן. שוטקע ווידער האָט אַלץ געוואָלט וויסן, פֿון וואַנען וואָס עס שטאַמט און האָט ליב געהאַט יעדן מין מעלאָכע, און אין זײַנע פֿלינקע הענט האָט יעדער מין מעלאָכע געברענט. ער איז געווען אַ רירעוודיקער און אַ פֿריילעכער ווי דער פֿאַמיליע-נאָמען זײַנער [1].

קעדיי זיי זאָלן זיך ניט פֿאַרבלאָנדזשען אין די אַרומיקע זומפּן, איז דער אָרטיקער טיגער-כאַפּער און פּאַרטיזאַן קאָנדראַט פּראָלאָוויטש סערדיוק געגאַנגען זיי דורכפֿירן ביזן ריכטיקן קוואַל. דערדאָזיקער קאָנדראַט פּראָלאָוויטש איז געווען אַן עלטערער מענטש, די

[1] אין רוסיש באַטײַט „שוטקע"—שפּאַס—(איבערז.)

הויכ ווי פיאָטער דער גרויסער, נאָר אסאכ בריטער אונ באוואָקסנ מיט א מעכטיקער באָרד. די בלאָנדע באָרד זײַנע איז געווענ אזוי געדיכט אונ אזוי אומגעוויינלעכ לאַנג, אז מענ פלעגט זיכ וויצלענ איבערנ אלטנ, אז ער מוז קלוימערשט פארשארנ די באָרד אפ א זײַט, ווענ ער דארפ אָפטאָנ זײַנ קליינע פויערישע באדערפעניש.

צו די טיגערס פלעגט ער זיכ באציִענ מיט פרײַנטשאפט, אָבער אָנ דערעכערעצ, פלעגט זיי רופנ ניט אנדערש ווי „קאָטערס". ניט ווייניקער ווי דרײַסיק „קאָטערס" האָט ער אינ זײַנ לעבנ געפאקט לעבעדיקערהייט, אונ גסטויט האָט ער, ווי ער פלעגט אליינ זאָגנ, „גאָר אָנ א צאָל", די לעבעדיקע טיגערס פלעגט ער צושטעלנ דער הגנדלס־פירמע קונסט פאר די דײַטשישע זאָאָלאָגישע גערטענער אונ די דערהארגעטע—פלעגנ צונעמענ די כינעזישע סאָכרימ אפ רעפועס.

קאָנדראט פראָלאָוויטשעס גאנצער קערפער אונ דער פאָנעמ זײַנענ געווענ צעדראפעט אונ פול מיט שראמענ. די רעכטע האנט—פונ עלנבויגנ ביז די פינגער איז געווענ דורכויס צעפאסעוועט פונ טיגערישע ציינער. אנומלט, האָט ער מיט זײַנע צוויי זינ אויסגעשפירט א טיגער—א „זי", וועלכע האָט זיכ ארומגעפירט מיט דרײַ האלבדערוואקסענע קאָטערלעכ. א וואָכנ דרײַ האָבנ זיכ די יעגער געיאָגט נאָכ די כײַעס אונ האָבנ געשטערט די אלטע „זי" צו כאפנ עפעס אפ עסנ. סאָפקאָלטאָפ זײַנענ די קליינע קאָטערלעכ אינגאנצנ געבליבנ אָנ קויכעס, די אלטע פלעגט אָפט־ײַבנ פונ זיכ די הינט, ארומדרייענ זיכ אינ טײַגע אלצ ארומ אונ ארומ, אונ דערישיסנ זי האָט זיכ אלצ ניט אײַנגעגעבנ. ביז פארנאכט האָט זיכ אײַנגעגעבנ צו פאקנ צוויי קאָטערלעכ, געוואָלט פאקנ דאָס דריטע—איז קאָנדראט פראָלאָוויטש אינ דער פינצטער, אָנשטאָט אפנ קאָטערל, אָנגעשפרונגענ אפ דער טיגערנ. אָנגעשפרונגענ איז ער אפ איר פונ דער זײַט מיטנ שטריק אינ האנט, אונ מיט דער ברוסט אומגעוואָרפנ די אלטע פונ די פיס. ארומגעזיענ האָט ער זיכ ערשט דעמלט, ווענ איר פאנאנדערגעשטשירעטער מויל איז געהאנגענ איבער אימ אונ איר מוירעדיקער ריטשענ האָט אימ שיר ניט פארטויבט. איז שוינ דעמ אלטנ קיינ אנדער זאכ ניט געבליבנ, ווי ארײַנשטופנ די אייגענע האנט וואָס טיפער אינ דעמ פאנאנדערגעעפנטנ מויל, וואָס אנטקעגנ אימ ווערגנדיק זיכ אונ קרעכצנדיק, האָט די טיגערנ בעגריזשעט זײַנ האנט, אונ קאָנדראט פראָלאָוויטשעס זינ, מוירעהאָבנדיק צו שיסנ, זיי זאָלנ ניט טרעפנ אינעמ פאָטער, האָבנ זיי, איינער נאָכנ אנדערנ, געהאקט מיט די ווינטשעסטערס דער כײַע איבערנ קאָפ, ביז וואנענ די ווינטשעסטערס האָבנ זיכ צעבראָכנ. דער אלטער אליינ האָט זיכ א בעריע געטאָנ אונ ארײַנגעזועצט איר מיט דער לינקער האנט דעמ קינזשאל אונטערנ הארצנ.

מאכמעס אימ פלעגט אויסקומענ כאראָשימלאנג אינ וואלד צו שווײַגנ, האָט קאָנדראט פראָלאָוויטש ליב געהאט צו ריידנ צווישנ מענטשנ, אונ די גאנצע צײַט האָט ער מײַגולעס אונ שוטקעס געקירצט די צײַט מיט זײַנע מעיושעוודיקע רייד.

אָנגעהויבנ האָט זיכ דער שמועס פונ דעמ, וואָס מײַגולע האָט א פרעג געטאָנ:

— ווי האָסטו דאָס, זיידע, פאר טיגערס גאָר קיינ מוירע ניט? זיי זײַנענ דאָכ אזוינע בייזע?

— וואָס האָב איכ מוירע פאר זיי? איכ ווייס דאָכ, אז זיי האָבנ פאר מיר מער מוירע.—זאָגט דער אלטער.—עמעס טאקע, די יעגערלעכ אונדזערע האָבנ ליב צו דערציילנ וווּנדער: אפ דעמ איז א קאצ אָנגעפאלנ, אפ דעמ—א בער... דאָס איז אָבער אלצ ניט עמעס. די סאמע ווילדע כאיע סטארעט זיכ א מענטשנ אויסצומײַדנ. א כײַע לאָזט זיכ אפ

א מענטשנ, ווענ זי האָט זיכ שוינ ניט ווו אהינצוטאָנ. קיינ שרעקלעכערע כײַע ווי דער מענטש, איז אינ טײַגע נישטאָ.

פונ די כײַעס גייט דאָ קאָנדראט פראָלאָוויטש אריבער צו דער מענטשהײַט ביכלאל. עס ווײַזט זיכ ארויס, אז וועגנ דער מענטשהײַט ביכלאל האָט ער זייער ניט קיינ געהויבענע מיינונג.

די מענטשנ וואַרפנ אָנ א שרעק.—האלט דער אלטער,—ניט נאָר אפ דער כײַע, נאָר אפילע איינער אפנ צווייטנ. אפילע פאר זיכ אליינ איז דער מענטש שרעקלעכ. מיט א יאָר צוואנציק צוריק—אזוי דערציילט ער—האָב איכ געפירט אנ עקספעדיציע—איינער א געבילדעטער פאָלקאָוניק האָט אראָפגענומענ אונדזערע מעקוימעס אפ א קארטע. איינמאָל גיט ער צו מיר א זאָג: „ווי פראָסט דו ביסט, קאָנדראט פראָלאָוויטש, אָט פונקט ווי א קינד, אונ דאָס אויג איז בא דיר אויכ א קינדערשע”. מאכ איכ צו אים: „וואָס איז דאָ שאיעכ דאָס אויג, אז אינ הארצנ זיצט בא מיר א רויב-פויגל”, „ניינ,—מאכט ער,—א מענטש ביסטו זייער אנ איידעלער אונ דאָס נעמט זיכ דערפונ, וואָס דו לעבסט אפ דער נאטור”. זאָג איכ צו אים: „פונ דער נאטור קאָנ אינ אונדז קיינ איידלקײַט ניט זײַנ. ווענ מיר, פויערים, וואָלטנ געווענ אפ איר די באלעבאטים, וואָלט עפשער טאקע פונ איר געווענ אינ אונדז איידלקײַט, אָבער מיר זײַנענ דאָכ איר אונטערטעניק. אינדערוואָכנ האָרעווענ מיר מיטנ בלוטיקנ שווייס איבער די פניאָקעס, אונ אינ א יאָנטעוודיקנ טאָג טרינקענ מיר בראנפנ פונ פארמאטערטקײַט, אונ אָוונט צו קוילענענ מיר איינער דעמ צווייטנ... אומעט אונ סינע האָבנ מיר פונ איר, אונ ניט קיינ איידלקײַט”. „אָבער קוק זיכ נאָר אײַנ,—מאכט ער צו מיר,—אפ די גאָלרנ: גאָר א ווילד פאָלק, אונ לעבנ אפ דער נאטור, ווי קינדער, פארמאָגנ זיי דענ ניט קיינ איידלקײַט?” „איידלקײַט פארמאָגנ זיי!—זאָג איכ אימ אזוי.—אָבער דאָס, זאָג איכ, איז צוליב דעמ, וואָס בא זיי עקזיסטירט צווישנ זיכ א ברידערלעכער געזעצ. אָבער די נאטור איז בא זיי א שטיפמאמע, אונ זיי האָבנ מוירע פאר איר”. אונ ער האָט מיכ טאקע ניט איבערגעשפארט! אונ בעעמעס: מיר לעבנ שלעכט, זייער ביטער לעבנ מיר. אונ וויפל מיר שלאָגנ זיכ ניט פאר דער ריכטיקײַט, באקומט זיכ אלצ ווי געווענ. אז מע וואָלט אָנשיקנ אפ די מענטשנ עפעס אנ ערדציטערניש—עס זאָל דורכטרייסלענ די גאנצע וועלט. די איבערגעבליבענע וואָלטנ עפשער דעמלט אָנהויבנ לעבנ אפ א נײַעמ שטייגער. פאר מוירע,—דערקלערט דאָס דער אלטער. א קוק געבנדיק מיט זײַנע גרויע אויגנ אפ די יאטנ, האָט ער זיכ צעשמייכלט.

אזוי זײַנענ זיי דערגאנגענ ביזנ קוואל אונ האָבנ זיכ געזעצט אונטערנ צעוואקסענעמ צעדער-בוימ איבערבײַסנ פארנ פאנאנדערגיינ זיכ. אז זיי האָבנ אָפגעגעסנ, האָט קאָנדראט פראָלאָוויטש פלוצלונג א זאָג געטאָנ:

— איכ בינ אײַכ, יאטנ, ניט מעקאנע. א מוירעדיקער וועג שטייט אײַכ פאָר. וואָס דאָס איז פאר א טײַגע, ווייסט איר? דאָס איז דאָכ א טויטע טײַגע. ניט קיינ פייגלענ זײַנענ דאָ נישטאָ, ניט קיינ כײַעס. אפילע דער ווינט דערגרייכט אהער ניט. עפעס א שטילקײַט אזא!

ער האָט אויסגעטאָנ דאָס היטל אונ זיכ צוגעהערט, אונ די אויגנ זײַנענ געוואָרנ בא אימ אזוינע טײַוולשע. מײַגולע אונ שוטקע האָבנ אופגעהויבנ די קעפ אונ זיכ אויכ צוגעהערט. אנ אומדורכדרינגלעכע גערעכטעניש איז געשטאנענ, ווי א וואנט, אנטקעגנ זיי, קיינ איינ בלעטעלע האָט זיכ ניט א ריר געטאָנ, קיינ שום ווינטעלע, קיינ שום שאשק, בלויז דער קוואל האָט לײַכט געבורבלט. די יאטנ האָבנ א קער געטאָנ די אויגנ אפנ אלטנ, דערנאָכ איינער אפנ אנדערנ, אונ פונ יונגקײַט—האָבנ זיי זיכ פאנאנדערגעלאכט.

2

און בעעמעס, די גערדיכטעניש איז געווען אַזאַ, אַז זעלטנ ווען האָט זי די זונ דורכגעדרונגען. טויזנטער יאָרג איז זי אַזוי געשטאַנען, ניט גערירט. אומבאַוועגלעכ, פּינקט ווי אויסגעהאַקטע פונ שטיינ, האָבנ זיכ אַרומ און אַרומ געהויבנ די ראָר־געוויקסנ, די הויכ ווי אַ מענטש. די לופט איז געווען שטיקנדיק און פײַכט. דער גאַנצער באָדנ איז באַשטאַנען פונ אַלט־צעפּאַלענע, צעפוילטע און מיט מאָכ באַוואַקסענע ביימער. אָפּטמאָל פלעגנ מײַגולע און שוטקע אַרײַנפאַלנ ביזנ גאַרטל ־אינעם צעפוילטנ מיסט.

זיי זײַנען געגאַנגען און אַלצ געשמועסט וועגנ דאָס, וועגנ יענצ. צוערשט האָבנ זיי געשמועסט וועגנ דעם, וואָס זיי האָבנ זיכ אַרויסגעריסנ פונעם לאַנגווײַליקנ זיצנ אינ אַלכאַיוקע און ס'איז זיי פריילעכ געווען. דערנאָכ האָבנ זיי שוינ גערעדט צוליב דעם, ווײַל ס'איז געווען אַ מוירע צו שווײַגנ: עפּעס אַזאַ אומדערטרעגלעכע שטילקײַט איז געווען אַרומ.

באַנאַכט זײַנען זיי אַ צײַט געזעסנ לעבנ שײַטער, קוקנדיק אָפנ פײַער.

אינדערפרי איז מײַגולע געגאַנגען אָנעמען אַ קעסעלע וואַסער אָפ טיי. ער האָט זיכ אַראָפּגעלאָזנ צומ קיזאַל און זיכ נאָר וואָס געוואָלט אָנבויגנ—האָט ער זיכ אַ צאַפּל געטאָנ. איבערנ קיזאַל איז געווען אַריבערגעוואָרפנ אַ צעפוילטער און פאַרשימלטער בוימ, און אָפנ בוימ איז געלעגנ אַ ריזיקער נאָטער צונויפגעדרייט אינ רינגען, אַנידערלייגנדיק אָפ זיי דאָס קײַלעכיק פלאַטשיק קעפּל, און האָט געקוקט אָפ מײַגולען. די רינגען פונעם נאָטער זײַנען געווען דורכויס פונ סמאַראַגדנ־קאָליר. אינ די אויגנ, וועלכע זײַנען פאַרגליווערט געוואָרנ אָפ מײַגולען, האָבנ געפינקלט צוויי גאָלדענע פינטעלעכ. אַלצ אַרומ האָט געשטומט. בלויז דער קיזאַל האָט קוימ צו הערנ געבורבלט.

מיט ציטערנדיקע הענט האָט מײַגולע אָנגעשעפּט וואַסער און איז אַוועק צומ לאַגער, אײַנהאַלטנדיק זיכ, ניט צו לויפנ. ער האָט פריִער אַ טראַכט געטאָנ נעמענ די ביקס און גײנ צוריק דערהאַרגענען דעמ נאָטער, ער האָט זיכ אָבער בעשומויפנ ניט געקאָנט צווינגען אומקערנ: עפּעס איז געווען אַ מאָדנע מוירע צוריק אומצוקערנ זיכ צומ קוואַל.

אינ אָוונט האָבנ זיכ די יאַטנ צעקריגט גאָר אומגעריכט. שוטקע האָט גענומען פאַנאַנדערלייגן אַ שײַטער און מײַגולא האָט געטײַנעט, אַז מע דאַרפ קיינ שײַטער ניט פאַנאַנדערלייגן. פאַרוואָס אימ ווילט זיכ ניט, אַז עס זאָל ברענען אַ שײַטער, האָט ער אַליינ ניט געוווסט. ער האָט מוירע געהאַט פאַרנ שײַטער דערפאַר, וואָס אימ האָט זיכ געדוכט, אַז ווי נאָר דער פײַער וועט זיכ פאַנאַנדערברענען, וועלנ זיי זיכ אַרויסזען און די גאַנצע מאַכט פונ דער פינצטערניש און שטילקײַט וועט זיכ אַ וואַלגער טאָנ און דערשטיקנ זיי. אָבער שוטקע האָט געוווסט, אַז אינ טײַגע איז מיט אַ שײַטער שטענדיק זיכערער.

איז אַוועק בא זיי אַ קריגערײַ און זיי האָבנ אַליינ ניט באַמערקט, אַז זיי קריגנ זיכ ניט אינדערהויכ, נאָר שעפּטשענדיק.

מײַגולא האָט געשיפּעט:

— עס איז אַזוי אויכ וואַרעמ. מיר וועלנ זיכ אײַנוויקלענ אינ די שינעלנ און וועלנ שלאָפנ.

און שוטקע האָט אָפּגעענטפערט, אויכ שיפּענדיק:

— מיט פײַער איז זיכערער, און וואָס איז אָפ דיר די מוירע?

מײַגולא איז געווען אינקאַעס, וואָס מע באַשולדיקט אימ אינ פאַכדאָנישקײַט און האָט געשיפּעט:

— אפאָנעם, אז דו האָסט מוירע אָנ פייער. אונ ווארעמ איז אזוי אויכ.

— עס, איכ האָב גאָר ניט געוווסט, אז דו ביסט אזא.—האָט זיכ שוטקע געבייזערט.— אָבער מיט פייער איז פאָרט זיכערער.

א פייער האָבנ זיי פונדעסטוועגנ פאנאנדערגעלייגט, נאָר די קאשע האָבנ זיי געגעסנ, ניט קוקנדיק איינער אפנ צווייטנ, אונ שלאָפנ האָבנ זיי זיכ געלייגט ניט אינײנעמ, ווי אינ דער פאָריקער נאכט, נאָר אינ פארשיידענע זייטנ פונעמ שייטער. אינדערפרי זיינענ זיי אופגעשטאנענ קאעסדיקע, מיט פארשוואָלענע אויגנ.

א גאנצנ טאָג האָבנ זיי מוירע געהאט ריידנ צווישנ זיכ, זיי זאָלנ זיכ ניט צעקריגנ, אונ האָבנ איינער אפנ צווייטנ ניט געקוקט. אינ יענעמ טאָג זיינענ זיי אריבער צוויי גרויסע סאָפקעס, אונ באנאכט האָט שוינ שוטקע אויכ קיינ פייער ניט אָנגעצונדנ.

מייגולע האָט געוואָלט אימ א זאָג טאָנ:

— אהא! ביסט, הייסט עס, דער אייגענער, וואָס איכ! איצט, זעסטו אז ס'איז שרעקלעכ?

עס האָט זיכ אימ אָבער ניט געוואָלט מוידע זיינ, אז אימ איז אויכ שרעקלעכ. אגעוו, האָט ער מוירע געהאט, אז שוטקע וועט צוליב אקשאָנעס דאווקע פאנאנדערלייגנ א פייער, אונ דעמלט וועטביידנ זיינ נאָכ שרעקלעכער.

איינגעוויקלט אינ זייערע שינעלנ, האָבנ זיי זיכ געלייגט שלאָפנ אינ צוויי פארשיידענע זייטנ פונ א ריזיקנ בוימ. אָבער די גאנצע נאכט האָבנ זיי זיכ אָפגעוואלגערט אָנ שלאָפ, מיט אָנגעשטעלטע אויערנ, פונקט ווי כייעס.

אינדערפרי האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז מייגולע האָט אפנ נעכטיקנ לאגער־פלאצ פארגעסנ דאָס העקל. האָבנ זיי זיכ ווידער געקריגט:

— איכ האָב גאָר ניט געוווסט, אז דו ביסט אזא צעקראָכענער.—האָט שוטקע בייז א זאָג געטאָנ.

מייגולע האָט געקוקט אפ אימ מיט פארטונקלטע אויגנ, פול מיט האס, אונ אָפגעענטפערט:

— דו האָסט דאָכ די טאָרבעס איינגעפאקט... דאָס האָסטו דאָכ די טאָרבעס איינגעפאקט!

איצט זיינענ זיי שוינ אינגאנצנ נימעס געוואָרנ איינער דעמ צווייטנ. שוטקענ האָט זיכ געדוכט, אז מייגולע עסט אסאכ (וועט דאָכ זיי ניט קלעקנ אפנ וועג!), אז די ליפנ זיינענ בא אימ גראָבע, עקלהאפטיקע, אונ אז מייגולא פוילט זיכ, אונ טאָנ קומט אויס אלצ אימ, שוטקענ—סיי אפ ווארעמעס דעמ פייער אָנצינדנ, סיי דאָס קעסעלע רייניקנ, סיי די טאָרבעס פארבינדנ. אונ מייגולענ ווידער איז איצט קלאָר געוואָרנ, אז שוטקע מאכט נאָר דעמ אָנשטעל, אז ער איז א פריילעכער יונג, אינ דער עמעסנ אָבער, איז ער א כיטרער נעפעש, א נידערטרעכטיקער מענטש. אונ מייגולע האָט זיכ אלצ דערמאָנט, אז די מישפאָכע פונ די שוטקעס האָט געהאט אינ דאָרפ א שעמ פאר גאנאָווימ.

איצט האָבנ זיי איינער מיטנ צווייטנ אינגאנצנ אופגעהערט ריידנ. די סינע איז געוואקסנ פונ טאָג צו טאָג, נאָר צונויפשטויסנ זיכ האָבנ זיי מוירע געהאט. זיי האָבנ מוירע געהאט, אז בייס דער קריגעריי וועט איינער דעמ צווייטנ דערהארגענענ אונ דעמלט וועט דער, וואָס וועט בלייבנ לעבנ, אומקומענ אינ דעמדאָזיקנ געדיכטנ וואלד פונ אומעט אונ פאכעד. באנאכט פלעגנ זיי זיכ לייגנ שלאָפנ באזונדער, נאָר שלאָפנ פלעגנ זיי ניט קאָנענ,—פלעגנ זיי ווי עס איז כאפנ א דרעמל באטאָג. עס האָט זיכ זיי געדוכט, אז זיי גייענ

שוינ יאָרנלאנג. אונ װענ זיי זײַנענ איינמאָל צו דער נאכט, שטארק פארמאטערטע, ארופגעקראָכנ אפנ בארכאטנעמ בארג־איבערגאנג, װעלכער איז בארימט מיט זײַנ מעשופעדיקײַט אונ װילדנ אויסזעג, האָט זיכ זיי ביידנ עפעס ניט געגלויבט: איבער זיי האָט זיכ געשפרייט אנ אָפענער אויסגעשטערנטער הימל, א װינט האָט געבלאָזנ. טיפ אונטנ איז אינ שטערנ־שײַנ געלעגנ די טײַגע.

קוימ דערוואַרט זיכ דעמ פרימאָרגנ, האָבנ זיי אָנגעהויבנ אראָפּלאָזנ זיכ פונעמ בארגאיבערגאנג. אונטנ לעבנ א צווייטנ קוואַל, האָט זיכ צווישנ די אָלכעס באלד דערהערט א גערויש אונ א פאָכנ פונ פליגלענ. ביידע כאווײרימ האָבנ זיכ געגעבנ א לאָז אינ פארשיידענע זײַטנ,—אזא שרעק האָט אפ זיי אָנגעטראָגנ דער פלוצלונגער גערויש נאָכ אזא לאנגער שטילקײַט. דאָס איז א מאכנע ריאבטשיקעס ארויסגעפליגנ פונ די קוסטעס. מיט אומצוטרוי האָבנ שוטקע מיט מײַגולענ געקוקט אפ דידאָזיקע לעבעדיקע פייגלענ.

די טײַגע האָט דאָ געענדיקט ... די טײַגע האָט דאָ גענומענ ווערנ שיטערער אונ צו האלבנ טאָג זײַנענ זיי אָנגעקומענ אינ א טאָל, וואָס איז געווענ פארגאָסנ מיט זונ־שײַנ. א פריילעכ טײַכל האָט זיי פארצאמט דעמ וועג. אפ יענער זײַט טײַכל האָבנ זיכ אונטער א ריינעמ בלאָענ הימל געשפרייט טוווע־פעלדער. פרויענ האָבנ געשניטנ ווייצ.

די יאטנ האָבנ זיכ אויסגעטאָנ אונ געהאָרפנ זיכ אינ וואסער אויסבאָדנ. א צײַט האָבנ זיי זיכ געפליעסקעט אינ קאלטנ וואסער, בלאָזנדיק אונ שמייכלענדיק אינ זיכ. ענדלעכ האָט שוטקע ארויסגערעדט:

— אָבער פאָרט דורכגעקראָכנ!—אונ זיכ פאנאנדערגעלאכט.

פאר דער גאנצער צײַט פונ זייער וואנדער האָבנ זיי איצטער צומ ערשטנ מאָל א קוק געטאָנ איינער אפנ צווייטנ אונ באמערקט, ווי זיי זײַנענ ביידע געוואָרנ געל אונ אויסגעדארט. מײַגולענ האָט אָנגענומענ א ראכמאָנעס אפ שוטקענ,—ער האָט גענומענ־פינטלענ מיט די אויגנ אונ אָפּגעקערט זיכ.

## 3

אינ דעמ טאָל, ווו מײַגולע מיט שוטקענ זײַנענ ארויסגעקומענ, איז געשטאנענ דער סוטשאנער פאָלק, אונ אָט דערדאָזיקער פאָלק האָט דורכ זעטיקע ווענג צוגעשטעלט פראָוויאנט דעמ וואנגאָויער באטאליאָנ.

שפעטער האָט זיכ אָנגעהויבנ א נײַע פארטיזאנישע מילכאָמע אונ האָט געדויערט ביזנ 1922 י. ביזוואנענ אפ דער היימישער ערד איז ניט פארבליבנ קיינ איינ באוואָפנטער יאפּאָנער. סײַ שוטקע, סײַ מײַגולע אונ סײַ קאנדראט פראָלאָוויטש האָבנ זיכ אלע אינ דערדאָזיקער מילכאָמע געשלאָגנ ביז לעצט.

ווענ די מילכאָמע האָט זיכ געענדיקט, האָט זיכ קאנדראט פראָלאָוויטש צוריק אומגעקערט אינ אָלכאָווקע אונ האָט ווײַטער גענומענ כאפנ טיגערס, אָבער שוינ ניט פאר די דײַטשישע, נאָר פאר די סאָוועטישע זאָאָלאָגישע גערטענער. שוטקע מיט מײַגולענ זײַנענ אוועק לערנענ זיכ.

נאָכ צוועלפ יאָר זײַנענ אריבער.

סײַ קאָנדראט פראָלאָוויטש, סײַ שוטקע אונ סײַ מײַגולע האָבנ אָנגעהויבנ זייער לעבנ ווי מענטשנ פאָשעטע, אומבאמערקטע. אונ הײַנט זײַנענ זיי אלע דרײַ געוואָרנ גרויסע לײַט, באוווסט אינ גאנצנ לאנד.

די טיגערס, וועלכע קאָנדראַט פּראָלאָוויטש האָט געכאַפּט, האָט מען געקאָנט זען אין די זאָאָלאָגישע גערטענער פון מאָסקווע, לענינגראַד, כאַרקאָוו, טיפליס. און די קינדער, ווען זיי פלעגן גיין קוקן די חייעס, האָבן שוין געוווּסט, אַז אָט דעמדאָזיקן טיגער האָט געכאַפּט דער באַרימטער אוסורישער יעגער קאָנדראַט פּראָלאָוויטש סערדיוק, דער קאָלווירטניק פונעם דאָרף אָלכאָווקע.

שוטקע איז געוואָרן אַ בויער פון אײַזנבאַן־וועגן. ער האָט געבויט אײַזנבאַנען סײַ אַפן אוראַל, סײַ אין קאַזאַקסטאַן, סײַ אין כיבינע און סײַ אַפ קאַווקאַז. אַפ זײַנע וועגן זײַנען געפאָרן אַזוינע מענטשן, וואָס אַסאַך פון זיי האָבן אַפן לעבן קיין אײַזנבאַן ניט געזען: וואָטיאַקעס, קאַזאַקן, קאָרעלן, לעזגינער. און אַפ די ערשטע סטאַנציעס האָט יעדער אײנער געקאָנט זען דעם ערג־טאָוול, ווו עס איז צווישן אַנדערע נעמען אויך געשטאַנען דער נאָמען פון טראָפּים שוטקע.

מײַגולע ווידער האָט זיך אויסגעלערנט מאָלן מיט פאַרב בילדער אַפ לײַוונט. זײַנע בילדער פלעגן ווערן אויסגעשטעלט אין מאָסקווע, אין באַקו, אין גאָרלאָווקע און מאַגניטאָגאָרסק. און אומעטום האָט מען געזאָגט, אַז זײַנע בילדער דערציִען די מענטשן אין גײַסט פונעם נײַעם לעבן.

אין האַרבסט 1934 י. איז מײַגולע געפאָרן אַהיים.

ער האָט ניט דערקענט די באַקאַנטע ערטער. די מענטשן, אַגעוו, זײַנען אויך געוואָרן אַנדערע. לענגויס, דער אַלטער אוסורישער אײַזנבאַן־וועג זײַנען אַפ הונדערטער און טויזנטער קילאָמעטערס געלייגט געוואָרן דאָפּלטע ליניעס. דאָ און דאָרט האָבן געאַרבעט פאַרשיידענע בריגאַדעס: גוטע — מיט רויטע פאָנעס, שלעכטע — מיט פאָנעס פון ראָגזשע. גאַנצע נעכט פלעגט מײַגולע ניט אָפּטרעטן פון פענצטער און קוקן דאָרטן אַפ די פײַערלעך פון די טראַקטערס און הערן זייער גערויש, וואָס פאַרהילכט דעם ראַש פונעם לאָקאָמאָטיוו, דאָס האָבן די טראַקטערס אופגעאַקערט דאָס פריר־פעלד.

אַפ די סטאַנציעס איז געווען אַסאַך מיליטער. די רויטאַרמייער זײַנען געווען גוט אָנגעטאָן און באַשוכט. ווען דער צוג פלעגט לאַנג שטיין אַפ אַ סטאַנציע, פלעגט מײַגולע צוגיין אַ קוק טאָן, ווי די רויטאַרמייער לערנען זיך. געלערנט האָבן זיי זיך גוט. אַ יאַט וואָס איז ניט לאַנג געקומען פון דאָרף, האָט געקאָנט פאַנאַנדערנעמען און צונויפשטעלן אַ קוילנוואַרפער, אָנרופן יעטווידע טייל מיטן נאָמען, האָט געוווּסט די פליכטן פון אַ רויטאַרמייער אין שלאַכט און איז געווען גרייט זײַן לעבן אָפּצוגעבן. ס'איז איצט גאָר לעכערלעך געווען צו טראַכטן וועגן דעם, אַז אַ וועלכער ס'איז קויעך זאָל קאָנען נויטן אַזוינע כעוורעלײַט אָפּצוגיין אַפ אַ דרײַסיק קילאָמעטער פון דער אײַזנבאַן־ליניע.

איבער די אומגעהײַערע שטאָכים פון דער טײַגע האָבן געשוועבט עראָפּלאַנען. אַלע ווײַלע האָט זיך זייער מעכטיקער גערודער אײַנגעשניטן אינעם גערויש פונעם צוג. די שאָטנס פון די עראָפּלאַנען האָבן זיך געגליטשט איבער די געלע קאָלווירטישע פעלדער, איבער די בלאָע וואַסערן פון די טײַכן און אָזערעס. דער עראָפּלאַן איז געוואָרן פונקט אַזאַ אָנגעהעריקע טייל פונעם היימישן פּייזאַזש, ווי אַ לאָרך אָדער אַ טויב.

מײַגולע האָט אַפ דעם אַלץ געקוקט מיט פײַכטע אויגן און געטראַכט: „אָט איז זי דידאָזיקע ערד, וואָס מײַן פאָטער, מײַנע ברידער און איך אַליין האָבן געקאָרטשעוועט, — די ערד, וואָס איז גענעצט געוואָרן מיט אונדזער שוייס, מיט אונדזערע טרערן, מיטן אונדזער בלוט. און אָט האָבן די מענטשן אָנגעהויבן לעבן גוט אַפ דערדאָזיקער ערד“.

זײַן אופגערעגטקײַט האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע, ווען דער צוג איז צוגעפאָרן

צו יענער סטאנציע, פונ וועלכער דער וואנגאָויער באטאליאָנ איז דעמלט אָפגעטראָטנ אינ אַלכאָווקע. מײַגולע האָט זיכ ארויסגעכאפט אפנ פעראָנ, אונ פלוצלינג האָט ער דערזענ פאר זיכ טראָפּימ שוטקענ—אינ בלאָע גאליפע, מיטנ לעניני־אָרדענ אפנ הארצנ אונ מיט פאנטאָפל אפ די באָרוועסע פיס.

— א, פעדיע!—האָט שוטקע געזאָגט אזוי, פונקט ווי זיי וואָלטנ זיכ צעשיידט ניט מיט צוועלפ יאָר צוריק, נאָר טאקע נאַר־וואָס, ווּהינ פאָרסטו דאָס?

— אונ דו, ווי קומסט אהער?—האָט אויסגעשריִענ מײַגולע.

זיי האָבנ געשאָסנ מיט פראגנ אונ ניט באוויזנ צו ענטפערנ, געקושט זיכ, געטרייסלט איינער דעמ צווייטנ פאר די אקסלענ. זיי זײַנענ געווענ די אמאָליקע געזונטע יונגענ, נאָר שוטקע האָט געהאט א פליכ איבערנ גאנצנ קאָפ, בלויז די ברעמענ, קליינינקע, געלינקע, האָבנ געסטארטשעט, פונקט ווי שטיקלעכ קוסטעס, בא אימ אפנ פּאָנעמ, בא מײַגולענ איז די קאָפ גראָ געוואָרנ ווי בא א ביבער.

ענדלעכ, האָט מײַגולע געזאָגט, אז ער פאָרט געוואָר ווערנ די אלטיטשקע, אונ שוטקע האָט דערציילט, אז ער בויט דאָ א נײַע אײַזנבאנ־וועג. איז מײַגולע געפאלנ אפנ סייכל, אז זײַנע עלטערנ וועט קיינ בייז ניט געשענ, אויב זיי וועלנ ווארטנ נאָכ עטלעכע טעג, פונקט ווי זיי האָבנ אפ אימ געווארט די גאנצע צוועלפ יאָר צײַט. אונ ער איז אראָפּ פונ צוג.

4

דער וועג, וואָס שוטקע האָט געבויט, האָט זיכ געצויגנ איבער דערזעלביקער טויטער טײַגע, ווו שוטקע מיט מײַגולענ האָבנ מיט פערצנ יאָר צוריק געוואָלט איינער דעמ צווייטנ דערהארגענענ, נאָר מוירע געהאט. דער וועג איז שוינ געווענ פארטיק קימאט ביזנ בארכאטנעמ איבערגאנג אונ האָט זיכ געדארפט ציִענ ביזנ יאמ.

האָבנ דענ געקאָנט טראכטנ די יאטנ, וועלכע זײַנענ דעמלט געשטאנענ אונטערנ אויסגעשטערנטנ הימל אפנ שפּיצ פונעמ בארכאטנעמ איבערגאנג, אז איינעמ פונ זיי וועט אויסקומענ איינגאנצנ צו פארניכטנ דעמדאָזיקנ בארג־איבערגאנג? עס איז אַבער פאָרט אזוי אויסגעקומענ. שוטקע האָט זיכ געגרייט אופצורײַסנ דעמ בארכאטנעמ בארג־איבערגאנג. ער האָט פארלייגט אינ אימ זעקס אונ צוואנציק וואגאָנעס אמאָנאל — אזא מאכ, איז זינט מענטשנ לעבנ אפ דער וועלט, נאָכ ניט געזענ געוואָרנ. אנ אָנגעפּולטער, פונקט ווי א פירעזשקע מיט קרויט, איז געשטאנענ דער בארג־איבערגאנג אונ נאָר געווארט, מע זאָל אימ אופעסנ. עס איז אפילע געקומענ א מענטש מיט צוויי אפּאראטנ, א גרויסנ אונ א קליינינקנ, קעדיי אָפצופאָטאָגראפירנ דעמ אופרײַס פארנ קינאָ אונ דערנאָכ אימ אלעמענ באווײַזנ.

אינ אָוונט זײַנענ זיי זאלבאדריט געפאָרנ אינ א פארמאכטער דרעזינע איבערנ וועג, וואָס שוטקע האָט אויסגעבויט, אונ אינדערפרי זײַנענ זיי שוינ געווענ אינ אָלכאָווקע: זיי האָבנ געהאט אינ זינענ צו פארנעמענ מיט זיכ קאָנדראט פראָלאָוויטשנ.

אינ אָלכאַווקע האָט מענ גראַד פאנאנדערגעטיילט די האכנאָסעס. אפ דער שטויביקער גאס איז געגאנגענ אנ אבאָז מיט טווּע—פופצנ פורנ, אונ אינ יעטווידער פור צו זעקס, אָדער גאָר צו זיבנ זעק. דידאָזיקע גאנצע טווּע האָט פארדינט די פאמיליע פונעמ קאָלווירטניק איוואנ פרוטיקאָוו.

הינטערנ אָבאָז, פאר א גרופּע קאָלווירטניקעס, איז געגאנגענ אנ אַרקעסטער פונ פינפ

טרומייטן. יעדער טרומײט האָט געשפּילט פאַרשיידן, אַזוי אַז גיין אין פּוס האָט מען ניט געקאָנט. אָבער אַף די טרומייטן האָט פּרעכטיק געגלאַנצט די זון, אַף די פּורן האָבן געפלאַקערט רויטע פּאָנעס—איז טאַקע אַלעמען געווען זייער פריילעך.

ווען דער אָבאָז איז צוגעפאָרן צו איוואַן פּרוטיקאָווס הויף, האָט זיך דער פּאָרזיצער פונעם קאָלווירט אַ לאָז געטאָן עפענען דעם טויער, און דער אָרקעסטער האָט גענומען שפּילן הילכיקער, יעדער טרומייט מיט איר אייגענעם גאַנג. פּרוטיקאָווס פאַמיליע—זעכצן מענטשן צוזאַמען מיט די קינדער—האָבן זיך געגעבן אַ שאָט אַרויס פון שטוב אין הויף. איוואַן פּרוטיקאָוו אַ ראַב פויגעל, ווי אַ פינגערהוט, איז אַרויסגעלאָפן צום טויער, זיך אָפּגעשטעלט און צוגעדריקט צום האַרצן די צונויפגעקוועטשטע פויסטעלעך.

דער פּאָרזיצער האָט אַרויסגענומען אַ פּאַפּירל און גענומען לייענען, וויפל אַרבעטסטעג פּרוטיקאָווס פאַמיליע האָט אויסגעאַרבעט און וויפל טווּע עס קומט איר. נאָר איוואַן פּרוטיקאָוו האָט גאָר ניט געהערט, וואָס דער פּאָרזיצער רעדט, און האַלטנדיק די פאַרקוועטשטע פויסטעלעך צוגעדריקט צום האַרצן, אַלץ געפרעגט:

— פאַר מיר איז דאָס? אַלץ פאַר מיר?

ער איז געווען אַזוי דערשראָקן איבער זײַן גווירעשאַפט, אַז אַלע האָבן גענומען לאַכן פון אים. דער קינאָ־אָפּעראַטער האָט אַרויסגענומען פון טיכל דעם קליינעם אַפּאַראַט און גענומען אָנשטעלן אים צומאָל אַפן אַבאָז, צומאָל אַפן אָרקעסטער און אַף איוואַן פּרוטיקאָוון. און מײַגולע איז געשטאַנען, און ווישנדיק די אויגן האָט ער ניט געטראַכט וועגן דעם, ווי שווער דאָס וועט זײַן איבערצוגעבן מיט פאַרבן אַפן לײַוונט: אין לעבן בײַט זיך אַלץ, רוקט זיך פאָרויס, און אַפן לײַוונט איז אַלץ אומבאַוועגלעך.

קאָנדראַט פּראָלאָוויטשן האָבן זיי געטראָפן אינדערהיים: מיט שפּאַקולן אַפן נאָז איז ער געזעסן באַם טיש און באַטראַכט אַ קינדערשן גלאָבוס. דער אַלטער האָט געקערט דעם גלאָבוס מיט ביידע הענט אַף אַלע זײַטן, פּונקט ווי אַ דאָקטער קערט דעם קראַנקנס קאָפּ, באַטראַכטנדיק די קרענק אין האַלדז אָדער פון די אויגן.

אַף זייער „גוט מאָרגן" האָט דער אַלטער אויסגעטאָן די ברילן און זיי באַגריסט:

— סאַראַ געסט!

ער איז נאָך געווען געזונט און שטאַרק, אָבער די באָרד איז דורכויס גראָ געוואָרן און קעדיי ניט צו שרעקן באַנאַכט די קינדער, האָט ער זי היפּש אונטערגעקירצט, געלאָזן קימאַט אַ דריטכיילעך.

— זעסט, סאַראַ איידעלער ער איז געוואָרן!—האָט שוטקע אונטערגעוווּנקען מײַגולען.

— איך מעג איצט זײַן איידעלער,—האָט דער אַלטער מאַסקים געווען און אַפילע ניט אַ שמייכל געטאָן. דערנאָך, אָנווײַזנדיק מיט זײַן ריזיקן ווײַז־פינגער אַפן גלאָבוס, האָט ער געזאָגט:—איך קוק אַלץ וויפל יאַמען זײַנען אַף דער פּלאַנעטע. גאַנץ היפּשלעך. מיר דאַרפן בויען אונטערוואַסער־שיפלעך... וואָס מער אונטערוואַסער־שיפלעך.

ער האָט דערבײַ אַזאַ דריי געגעבן דעם גלאָבוס, אַז אַלע גרויסע יאַמען און לענדער האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין בונטקײַט.

צום באַרכאַטנעם באַרג־איבערגאַנג זײַנען זיי געפאָרן שוין זאַלבאַפערט. געפאָרן איז מען לאַנגזאַם: די רעלסן זײַנען דאָ געלייגט געוואָרן בלויז צײַטווײַליקע.

איצט, איז, פאַרשטייט זיך, פונעם אַמאָליקן ניט געווען וואָס צו דערקענען. לענגויס דעם גאַנצן וועג איז די טויטע טײַגע געווען אויסגעהאַקט און אַזוי צעקלאַפּט דורך אופרײַסן, אַז עס האָבן געטאַרטשעט בלויז צעקאַרבטע פּניאָקעס ווי אויסגעפוילטע ציינער.

און די דרעזינע—אָט פאַרטיפט זי זיך אין א טונקעלן פעלז-שפּאַלט, אָט קריכט זי איבער די שטיינערנע אָנשיטן אַף אַזא הויכקייט, אַז די שטאָכים פוןביידע זייטן ווייזן אויס ווי אַף גרונטן. דערזעלביקער קוואַל האָט אַלץ געפּלאָסן, נאָר זײַנע ברעגן זײַנען הויל געוואָרן. אין יענע ערטער, ווו דער אײַזנבאַן האָט אים דורכגעשניטן, זײַנען געלייגט געוואָרן הילצערנע בריקן. עס וואָלט גאָר לעכערלעך געווען צו זוכן דאָס אָרט ווו מײַגולע האָט דערנסטמאָל געזען דעם נאָטער.

ווען זיי זײַנען אַרויס פון דרעזינע, איז שוין געוואָרן פינצטער. זיי זײַנען אַוועק מיטן קריטיקן וועג לענגויס דעם ניט געענדיקטן אָנשיט. לעבן די באַראַקן און ביידלעך האָבן געברענט שײַטערס. די בויער האָבן געגעסן וועטשערע. פאָרויס ערגעץ האָט געררעוועט א לאַסט־אויטאָמאָביל, וואָס איז געבליבן שטעקן אין דער בלאָטע, און זײַנע פײַערן האָבן העל געלויכטן דורך דער נאַכט.

— נו, זיידע,—האָט מײַגולע א זאָג געטאָן,—מע האָט צעפּודזשעט דײַנע טיגערס!

— ווייס איך וואָס,—האָט קאָנדראַט פּראָלאָוויטש רויִק אָפּגעענטפערט,—מײַן צײַט איז שוין אַריבער.

5

אינדערפרי איז דער באַרכאַטנער באַרג־איבערגאַנג אומגעקומען. מײַגולע מיטן אַלטן טיגער־כאַפּער האָבן זיך צוגעקוקט צום אופרײַס אַף א מעהאַלעך פון צוויי קילאָמעטער, שטייענדיק אַף א ניט קיין גרויסער סאָפּקע, ווו זיי זײַנען געווען געשיצט און פון וואַנען עס האָבן זיך געזען סײַ דער אויסבויג פונעם באַרג־שפּיץ און סײַ די גאַנצע טײַגע אין געלע און בלאָע פלעקן. אַף דערזעלביקער סאָפּקע האָט זיך אײַנגעאָרדנט אויך דער קינאָ־אָפּעראַטער מיטן גרויסן אַפּאַראַט אַף א געשטעל.

זיי האָבן זיך צוגעקוקט צום האַווען פון די מענטשן. אַף די נאָענטע אויסגעהוילטע סאָפּקעס, האָבן זיי געהערט שוטקעס קאָל, ווי ער האָט עפּעס עמיצן געזידלט אַף וואָס די וועלט שטייט. דערנאָך האָט די האַוועניש אופגעהערט, די מענטשן האָבן זיך פאַרבאַהאַלטן. עס איז געוואָרן גאָר־גאָר שטיל.

און פּלוצים האָט די גאַנצע מאַסע פונעם באַרכאַטנעם באַרג־איבערגאַנג לאַנגזאַם גענומען וואַקסן אינדערלופטן, און אין דעם אָרט, ווו עס איז געווען דער אַרײַנבויג פונעם באַרג־איבערגאַנג, האָט האַסטיק א שפּאַר געטאָן צום הימל א געדיכטער שוואַרצער וואָלקן. אין אָנהויב האָט דער וואָלקן זיך געגעבן א הויב אַרויף אינדערהויך, פונקט ווי א זײַל, דערנאָך האָט ער זיך ביסלעכווײַז גענומען פאַנאַנדערלאָזן אין דער ברייט. און ערשט דעמאָלט האָט זיך דערהערט דער קלאַפּ פונעם אופרײַס, די לופט האָט א שפּאַר געטאָן אין פּנים אַרײַן, און דורכן שטויב און רויך האָבן זיך געזען אייניצלנע פליִענדיקע פלאַכטעס ערד.

דער קלאַפּ פונעם אופרײַס איז ניט געווען ענלעך אַף א שאָס פון א האַרמאַט אָדער אַף א קנאַל פון א דונער,—דאָס איז געווען א טויבער אונטערערדישער גערויש, וואָס האָט פאַרהילכט דעם גאַנצן שטעטל אַרום און איז כוואַליעסדיק דורכגעגאַנגען אונטער דער ערד אַזוי, אַז מײַגולע און קאָנדראַט פּראָלאָוויטש האָבן אים געשפּירט ניט נאָר מיטן אויער, נאָר מיטן גאַנצן קערפּער. די שטיינער, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פונעם וואָלקן, האָבן פונקט ווי האַרמאַטן־קוילן גענומען וואַלגערן די ביימער, פון אונטער דער סאָפּקע, הינטער וועלכער מײַגולע מיט קאָנדראַט פּראָלאָוויטשן זײַנען געווען באַהאַלטן. די

גאנצע לופט איז פארפולט געוואָרנ מיט רודערנדיקע און פּײַפנדיקע קלאנגענ אינ וועלכע עס האָבנ זיכ פונקט ווי צונויפגעגאָסנ אינײנעמ א טופּענ פונ פערד, א גערודערײַ פונ דרעש־מאשינעס און א פּײַפנ פונ גיגאנטישע ריטער. אײנצלנע שטײנער האָבנ אָנגעהויבנ פאלנ אויכ אפ דער סאָפּקע, און אײנער האָט זיכ מיט א גוואלדיקנ קויעכ ארײַנגעשניטנ אינ דער ערד אפ א מעטער צװײ פונעמ קינאָ־אַפּפּאראטער. נאָר יענער, אינגאנצנ א נאסער, דורכ און דורכ אינ שווײס, האָט אלצ געדרײט און געדרײט דאָס הענטל פונ זײַנ אפאראט.

ווענ אלצ האָט זיכ געענדיקט, איז אינ דער לופט נאָכ אלצ געהאנגענ א געלבלעכ־גראָער נעפּל, וועלכער איז אפנ אָרט פונעמ אופרײַס געווענ נאָכ געדיכטער. דערנאָכ האָט זיכ דער נעפּל צעגאנגענ און עס האָט זיכ געזענ, אז די זײַטנ פונעמ ארײַנבויג האָבנ זיכ ברײט צענומענ, האָבנ זיכ אראָפּגעזעצט—און אינ סאמע מיטנ האָט געגלאנצט א טיפער אָפּגרונט, אינ וועלכנ עס זײַנענ געווענ אָנגעוואלגערט בערג מיט פאנאנדערגעריסענע שטײנער. הינטער זײ האָט זיכ געזענ ווײַטער א לויטערער בלאָער הימל.

ארומ דעמ געוועזענעמ בארכאטנעמ בארג־איבערגאנג איז די טײַגע געווענ ענדגילטיק פארניכטעט, צעשפּליטערט אפ ברעקלעכ. די גאנצע געגנט איז געלעגנ א הוילע, אינ גראָענ שטויב, פארשאָטנ מיט שטײנער און רעשטנ פונ בײמער. און אפילע אפנ שיפוי פונ דער סאָפּקע, ווו עס האָבנ זיכ באהאלטנ מײַגולע און קאָנדראט פראָלאָוויטש, זײַנענ פונ אסאכ בײמער געווענ אראָפּגעשניטנ די שפּיצנ, אָבער דאָס סאמע מערקווירדיקע איז ערשט קלאָר געוואָרנ אפנ דריטנ טאָג נאָכנ אופרײַס. אפ דער בוינונג איז געקומענ צופאָרנ א מעיושעוודיקער גראָער אלטעטשקער—דאָס איז געווענ א פראָפעסער—דער פארוואלטער פונ דער סײסמישער סטאנציע. די סטאנציע האָט פעסטגעשטעלט אנ ערדציטערניש אינ דעמ ראיאָנ און דער פראָפעסער איז געקומענ צופאָרנ אויסקלאָרנ די סיבעס. ער האָט א צײַט ניט געקאָנט גלויבנ, אז טראָפּימ שוטקע האָט דאָס מיט זײַנ אײגענעמ ווילנ א טרײסל געטאָנ די ערד, און ווענ ער האָט שוינ לעסאָף יאָ געגלויבט, האָט ער זיכ דערפרײט ווי א קינד.

דעמ פראָפעסער האָט מענ געשאָנקענ א זאק שישקעס פונ צעדער־בײמער, און ער איז אינײנעמ מיט קאָנדראט פראָלאָוויטשנ אוועקגעפאָרנ אהײמ אפ דער דרעזינע. די אלטע לײַט זײַנענ באלד געוואָרנ גוטע ברידער און די גאנצע צײַט פונ זײער פאָרנ פלעגנ זײ אלצ ארויסשטעלנ דורכנ פענצטער די גראָע קעפּ און זײ זײַנענ געווענ אזוי ענלעכ אײנער אפנ צווײטנ, אז מע האָט זײ בײדנ געקאָנט אָנעמענ סײַ פאר פויערימ און סײַ פאר פראָפעסאָרנ.

מעינקע קאַץ (ניו־יאָרק)

# א קינד

די מאמע האָט פאר נויט זיך געהאנגען.
אפ קאַלטן שטריק וועט די נאכט באַלד טאָגן.
דעם קינד האָט א כאָלעם אין שלאָף געפאנגען,
און איבער יאמען מילך אים געטראָגן.

דאָס קינד כאַפּט פארוווּנדערט זיך אוף פון שלאָף —
ניט מיט שרעק, ניט מיט הונגעריק געוויין:
אפ די שויבן בלענדן שנייִקע שאָף,
די מאמע, ווי אין שפּיל, וויגט זיך אזוי שיין.

הײַ־דא און האָי־דא, ווי אפ א וויגל,
וויגט ער דער מאמען ארופ און אראָפּ —
דער מאמעס הענט—צוויי ווײַסע פליגל,
די פּעטליע—אזא שיינער צאָפּ!

אָ, קינד: וועסט א העלד דורך שטורעמס וואקסן,
און הענגען די זון אפ נײַע אקסן.

## דו און נויט

די נויט אין פראָסט ווי א ווּנד ברענט,
א ליכטל וויגט די קאַלטע שאָטנס אײַן —
דורך שווערער נאכט, דורך פארויכערטע ווענט
ביסטו, מײַן מיידל, די ליכטיקסטע שײַן.

די נויט ווי א שלאנג איבער אונדז איז וואך,
ווי אפ בלויזע שווערדן טאנצט דער ווינט —
דורך שטיקער סטעליע פון אלטן דאך
דער שניי אין ריטשקעלעך צערינט.

דיַין אָטעם איז הייס, דיַין טאַליע איז שלאַנק,
קעגן אונדז דער פּראָסט מאַלט העלע וועגן.
די פלינקע רעגעס אין א געזאַנג
טראָגן דעם מאָרגן אונדז אַנטקעגן.

הייַנט שמעקסטו מיט פּראָסט און מיט קאַרשן;
מאָרגן שפּאַנען מיר וויַיטער אין מאַרשן.

## האַרבסט אין שאָפּ

די שטילקייַט גרוילט אין שטאָלענעם פאַרטאָג,
ס'וועט באַלד דער שאָפּ צערעוועון זיך נאָך רויב —
דער שאָפּ איז אַלט מיט רויך און בלוט און שטויב,
מיט פאַרגרויטע פלעקן פון וויַיסער פלאָג.

דאָס פאַרוועלקטע מיידל באַם ניי־מאַשין
האָט דאָ מיט שערן איר זון פאַרשניטן —
ווי סאָפּ האַרבסט בליַען אומעטיק און שטאַר
אף איר קינדיש פּאָנעם וויאַלע בליטן.

זי האָרכט צום שפּינוועבס ווי פליגן זשומען:
וועסט דיַינע פריִלינגס שוין ניט געפינען;
זוכן קענסטו זיי ניט צווישן בלומען,
נאָר אין ווינקלען סטעליע צווישן שפּינען.

דער טאָג שטאַרבט—אין איר מידן בלוט,
איבער איר די זון—א גאָלדענע רוט:

מײַקל גאָלד

# דער גאָלדענער בער [1]

1

מײַן פאָטער א מאליער לויט דער פראָפעסיע, איז געווען א הויכער, באוועגלעכער מענטש, מיט סלאווישע אויסגעסטאַרטשעטע באקנביינער און רויטלעכע וואָנצעס. ווי א קינד האָט ער געקוקט אפ דער וועלט ארום זיך מיט זײַנע גרויסע גרינע אויגן. ער איז געווען זייער א טעמפעראמענטפולער מענטש. מײַן מאמע האָט געמוזט אפ אים אכטונג געבן און האלטן אים אין די הענט.

מיט איר פראקטישקײַט פון א פרוי האָט זי פרובירט ארויסשלאָגן אים פון קאָפּ זײַנע נארישע מאנצבילשע כאלוימעס, ס׳האָט איר אָבער קיינמאָל ניט אָפּגעגליקט צו מאכן פון מײַן טאטן א ניכטערן פאמיליע מענטשן. מײַן טאטע איז געווען א מענטש — א שטיק קוועקזילבער.

ייִדן זײַנען פונקט אזוי אינדיווידואַליזירט ווי כינעזער, אָדער אנגלאָ־סאקסאָנער. קיין ראסעווע טיפּן זײַנען צווישן זיי אינדערמעסן ניטאָ. מײַן טאטן האָט מען גיכער געקאָנט אָננעמען פאר א באשטימטן טיפּ אירלענדער, איידער פאר א שטאמפּירטן ייִדן — וואָס מע ווײַזט אפן סצענע.

מײַן טאטע איז געבאָרן געוואָרן אין רומעניע, לעבן דער שטאָט יאסי. ער האָט ארומגעוואנדערט איבער די באלקאנען און ארום דעם דונײַ, ער האָט געלעבט אין די לעכער פון די קאָנסטאנטינאָפּאָלער הינטער־געסלעך. ער איז געווען פארבונדן מיט א באנדע ייִדישע יונגווארג, וואָס האָט געשמוגלט טאבעק פון טערקײַ קיין רומעניע. זייער אָפט פלעגט ער אונדז דערציילן מײַסעס וועגן זײַן יוגנט אין אייראָפּע און מיר קינדער האָבן זייער ליב געהאט אים צו הערן.

מײַן פאָטער איז געווען אן אויסערגעוויינלעכער מײַסע־דערציילער. ווען דער מענטש וואָלט געקראָגן א גוטע בילדונג וואָלט ער, אוואדע, אויסגעוואקסן א גרויסער שרײַבער. איך האָב אים מעקאנע געווען; און איך בין נאָך איצט מעקאנע, אָט די אייגנשאפט זײַנע פון אן אומיטלבארן געני.

יאָרנלאנג פלעגט ער צום שלאָפן גיין פארוויגן מיך און מײַן קליין שוועסטערל מיט זײַנע ווונדערבארע פאנטאסטישע מײַסעלעך. די מײַסעלעך האָבן זיך בא אים ניט אויסגעשעפּט. יעדע נאכט, אין דער טונקלעניש פון שלאָפצימער, אונטערן אומעטיקן פּולס־שלאָג פון טענעמענט־הויז, פלעגט ער אונדז דערציילן אן אנדער מײַסעלע.

---

[1] א קאפּיטל פון בוך „ייִדן אָן געלט“.

געװיסע מײַסעלעך, װאָס מײַן טאַטע האָט דערצײלט, זײַנען מיר קײנמאָל פון זינען ניט אַרױס. מיט אַזױפיל קאָלירן האָבן זײ באַפאַרבט מײַן קינדהײַט. צו מײַן גרױס פאַרװוּנדערונג האָב איך די זעלבע מײַסעלעך מיט אַסאַך יאָרן שפּעטער, געלײענט אין אַ בוך. דאָס איז געװען ניט מער און ניט װײניקער װי די מײַסעלעך פון „טױזנט און אײן נאַכט“.

מײַן פאָטער האָט אָבער די מײַסעלעך ניט אױסגעלערנט פון בוך. ער האָט זײ געהערט פון די ליפּן פון אַ פּראָפעסיאָנעלן מײַסע־דערצײלער אַף די מערק פון אָריענט, אָדער פון טערקישע און רומענישע פּױעורים.

2

מײַן פאָטער האָט לײדנשאַפטלעך ליב געהאַט צו פאַרברענגען צװישן מענטשן. װי אַסאַך אַנדערע ייִדן האָט ער ליב געהאַט צו עסן, צו שלאָפן, צו לאַכן און צו װײנען צוזאַמען מיט מענטשן. טאָמער איז אים אױסגעקומען צו בלײַבן אַלײן, איז ער גלײַך געװאָרן אָנגעכמורעט און ס'האָט זיך אים גלײַך אױסגעװיזן, אַז ער איז קראַנק. יעדן אָפּדערנאַכט פלעגן זיך באַ אונדז אױפקלײַבן מײַן טאַטנס גוטע פרײַנט און באַקאַנטע—מאַליאַרעס, גאַסן־הענדלער, שנײַדער־באַלעמעלאָכעס און פאַרשײדענע אַנדערע ייִדן, װאָס האָבן ביטער געהאָרעװעט אַף צו מאַכן אַ לעבן אינעם נײַעם ערעץ־ייִסראָעל.

מע פלעגט שפּילן אין פּאָוקער און אין פּינאָקל [1]. אַ סטאַװקע ניט מער װי אַ סענט אַ קאָן, אָבער געשפּילט האָט מען פאַרביסן אײנער קעגן אַנדערן. טײלמאָל פלעגט מען טרינקען טײ און בײס מײַסע רײדן און פילאָזאָפירן. אַמאָל פלעגט מען אַװעק אין אַ װײַנקעלער טרינקען װײַן.

זײער אָפט פלעגט מײַן טאַטע דערצײלן זײַנע מײַסעס. טײל מײַסעס פלעגן דױערן אַ װאָך צײַט צו דערצײלן, יעדע נאַכט צו זעקס שאָ. קײנעם איז גאָרניט אײַנגעפאַלן צו האַלטן פאַר אומגעװײנלעך, דאָס װאָס מײַן טאַטע קאָן דערצײלן הונדערטער מײַסעס, מײַן טאַטע אַלײן האָט עס אױך געהאַלטן פאַר אַזאַ נאַטירלעכע זאַך װי אָטעמען אַסטײגער. מײַן טאַטע איז געװען אַזאַ מין ייִד, װאָס האָט זיך אױפגעהאָדעװעט אין אײראָפּע צװישן פּױערים, קונסט איז באַ זײ אַזאַ זאַך, װאָס זײ יאַרשענען עס פון די עלטערן צוזאַמען מיטן שטיקל ערד, און ס'איז באַ זײ אַזױ פּאָשעט און נאַטירלעך װי דאָס לעבן אַלײן.

אַן אינטערעסאַנט בילד! מײַן טאַטע ליגט אױסגעצױגן אַף דער קאַנאַפּע, רױכערט די ליולקע, דאָס גאַז־לעמפּל אַראָפּגעדרײט אַף אַ קלײן פּײַערל, קעדײ אײַנצושפּאָרן גאַז, און אין דער טונקלקײַט זיצן אַ טוץ שװיץ־שאַפּ־אַ־בעטער, װאָס אָטעמען הױך און קאָנען אױש ניט אײַנזיצן רױִק אַף די בענקלעך, הערנדיק מײַן טאַטן דערצײלן אױספירלעך די טױזנט יאָריקע אַלטע מײַסעס פון אָריענט.

מײַן טאַטנס קאָל הערט זיך דרײַטלעך אין דער טונקלקײַט. די אינטאָנאַציע בײַט זיך לױט דער שטימונג פון דער מײַסע. אָט קלינגט עס שרעקלעך מיט אַ ברומענדיקן באַס פון אַ הענקער אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אָט װערט עס צאַרט װי דאָס קאָל פון אַ שנײ־מײדעלע, אָדער פון אַ ליבע־פאַרבענקטן יונגן פּרינץ אין די בערג. פּלוצלינג גיט עס אַ גײ איבער אין אַ קװיטשעדיקן קאָל פון אַן אַלטער מעכאַשײפע, אָדער פאַרװאַנדלט זיך אין אַ שיקערן טערקישן ריז. מײַן פאָטער האָט פאַרמאָגט אַלע פײיִקײַטן פון אַן אַקטיאָר.

---

[1] פּאָוקער און פּינאָקל—אַמעריקאַנער קאָרטן־שפּילער.

איך און מײַן שוועסטערל זײַנען קײנמאָל ניט מיד געוואָרן פון זײַנע מײַסעס, נאָר די דערוואַקסענע הויזן־פּרעסער און מאַליאַרעס זײַ פלעגן גאָר ווערן פאַרכאַפּט. אַפילע מײַן פּראַקטישע מאַמע פלעגט אויך זיצן און הערן. שכײנים פלעגן זיך אופקלײַבן הערן די מײַסעס, אַלטע גרויבערדיקע ײדעס מיט פּושקעלעך שמעק־טאַבעק, מידע מאַמעס נאָך אין די קיך־פאַרטעכער, מענער, פרויען, וואָס פלעגן זיצן ווי פאַרהיפּנאָטיזירט.

3

אַפּאָנעם, אַז מײַן טאַטע האָט אַלײן אויך געגלויבט אין אַ טײל פון זײַנע מײַסעס. אײן מײַסע האָט ער געהאַט וועגן אַ גאָלדענעם בער, די פלעגט ער דערצײלן אָפטער פאַר אַלע אַנדערע און מיט מער טאַלאַנט.

אין דער פילם־לענטע פון מײַן זיקאָרן זע איך איצט קלאָר די סצענע אַפּ אונדזער דאַך, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל געהערט אָט די מײַסע.

זײער אָפּט פלעגן מיר זומער באַנאַכט זיך פאַרקלײַבן אַפּן דאַך. מיר פלעגן מיטנעמען קריגלעך ביר און ווורשט, פּוטערבראָדן. בײַס מיר אַלע האָבן געגעסן פלעגט מײַן טאַטע דערצײלן די מײַסע.

די לעוואָנע און די שטערן האָבן אַרונטערגעשײַנט פון די שוואַרצע הימלען, וואָס האָבן צוגעדעקט ניו־יאָרק. אונטערן שטערן־שײַן האָט מײַן טאַטנס פּאָנעם געלויכטן אַזוי מיס־טעריעז, אין מויל בא אים האָט געגליט אַ ציגאַר, הינטער אים אַפּן פּאָן האָט זיך געצײכנט אַן אָנוווּרף פון טענעמענט־קוימענס און הימל־קראַצער ווי אויסגעשניטן פון קאַרטאָן.

ער האָט גערעדט שטיל, זיכער, מיט אַ פאַרהיפּנאָטיזירנדיקער שטימע פון אַ מײַסטער אַ מײַסע־דערצײלער. מײַן טאַטע האָט גוט געוווּסט, וואָס פאַר אַ קראַפט ער באַזיצט און בײַסן דערצײלן די מײַסעס האָט גוט אַרופגעצויגן אַפּ זיך אַ באַזונדער ווירדיקײַט, און דערצו נאָך אַפּן דאַך, אונטער דער ווירקונג פון לעוואָנע און שטערן, האָט ער אויסגע־זען טאָפּלט פאַרקישעפנדיק.

— אַמאָל, אַמאָל, האָט ער אָנגעהויבן שטיל און פײַערלעך, האָט געלעבט אַ יעגער אין ברעסקאָ, דאָס איז אַ דאָרף אין רומעניע, נאָענט צום דאָרף פון וועלכן איך אַלײן קום. דאָס דאָרף געפינט זיך אַקוראַט באַם טײַך ווען. אײנמאָל, אין אַ קאַלטן ווינטער־פרימאָרגן איז דער יעגער אוועק אין וואַלד שיסן אַ בער. דער ווינט האָט געוויעט, דער יעגער האָט זיך געקאָפּעט אין שנײ ביז דער טאַליע, דער פראָסט האָט אים געביסן די פיס ווי אַ צערײַצטער הונט, דער יעגער האָט געפילט אַ שטאַרקן האַס צו דער קעלט. דער ווינטער פלעגט אים דערמאָנען אין זײַן אָרעמקײַט. זײַן טאַטע איז געווען אַ רומענישער פויער, און זײַן מאַמע האָט געשטאַמט פון טערקײַ. ווען דער יעגער איז נאָך געווען אַ קינד פלעגט זײַן מאַמע אָפטמאָל צו אים אַזוי רײדן:

— זונעלע מײַנס, ווען דו וועסט אויסוואַקסן, זאָלסטו אוועק פון דאַנען און גײן קײַן טערקײַ, דאָרט אַפּ דאָרעם איז שטענדיק וואַרעם, אין דעקאַבער כוירעש בליִען די ראָזעס און די פײגעלעך זינגען. דאָרט איז קײנער ניט אָרעם, יעדער אײנער האָט וואָס ער באַ־דאַרף, זאָג מיר צו מײַן זון, אַז דו וועסט אַנטלויפן אַהין, איך וויל נאָך זען ווי דו וועסט זײַן גליקלעך.

דער יעגער האָט איר צוגעזאָגט, און פון דעמלט אָן פלעגט ער אַלעמאָל כאָלעמען וועגן אוועקגײן קײַן טערקײַ. ער האָט אָבער כאַסענע געהאַט, דערצויגן אַ פאַמיליע און מיטאַמאָל

האָט ער דערזען, אז ער איז אריַינגעפאלן אין א נעץ. ווי אזוי האָט ער געקאָנט אריבערנעמען זיַין פאמיליע קיין טערקיַי, אז ער האָט קיין געלט ניט געהאט? ער איז געווען אזוי אָרעם, אז ער האָט אפילע קיין אייגן פיצל ערד ניט פארמאָגט.

דערפאר טאקע, איז ער געווען בייז, ווען ער איז אין יענעם ביטער קאלטן פרימאָרגן ארויס אפן יאגד... און ווי ער איז אזוי געגאנגען א דערפראָרענער, זיפצנדיק און בענקענדיק נאָך זיַין זוניקן דאָרעם, האָט ער פלוצלינג דערזען אין וועלדל, נאָענט פון דאָרף, די שפורן פון א גרויסן בער. ער האָט אָנגעהויבן גיין דורכן שניי אין די פוס־טריט פונעם בער, ביז ער איז אָנגעקומען צו א הייל, ער האָט אויסגעשטעלט די ביקס פאר זיך און איז אריַין אין דער הייל.

און ווייסט איר וואָס ער האָט דאָרטן דערזען?—דריַי קליינע בערעלעך שפילן זיך. ער האָט שוין געוואָלט אויסציִען די ביקס, שיסן זיי און אנטלויפן איידער זייער מוטער קומט אָן, נאָר מיטאמאָל איז זי אליין אָנגעקומען. די בעריכע איז געווען אזוי שיין, אז נאָך אזא שיינעם בער האָט דער יעגער אפ זיַין לעבן ניט געזען. איר פעל האָט געהאט א קאָליר ווי זי וואָלט געווען באשאָטן מיט גאָלדענע רענדלעך.

דער יעגער האָט זיך דערשראָקן, ער האָט א כאפ געטאָן די ביקס און געוואָלט שיסן, נאָר פלוצלינג האָט דער גאָלדענער בער גענומען ריידן צו אים אפ רומעניש. צונויפלייגנדיק די לאפעס ווי צו א געבעט, האָט די בעריכע מיט א באצארטער מוטערלעכער שטימע אזוי געזאָגט:

— טיַיערער, גוטער יעגער,—האָט זי געזאָגט,—איך ווייס, אז דו ביסט זייער אָרעם און דו דארפסט אונדז הארגענען, קעדיי צו קענען באזאָרגן שפּיַיז פאר דיַין אייגענער פאמיליע. אָבער איך בעט דיך, האָב ראכמאָנעס אפ מיַינע קליינינקע,—האָט זי געזאָגט—איך בין דיר גרייט צו געבן אלץ, וואָס דו פארלאנגסט—האָט זי וויַיטער געזאָגט—איך ווייס אזא מין קישעפ־סאָד, וואָס נאָר גאָלדענע בערן ווייסן אים, און איך וועל דיר העלפן,—אזוי האָט זי געזאָגט.

— קאָנסטו מיר העלפן אריבערנעמען מיַין פאמיליע קיין טערקיַי און געפינען דאָרט פאר אונדז א שטיקל ערד,—האָט דער יעגער געפרעגט?

— יאָ, האָט געענטפערט דער גאָלדענער בער, אויב דו וועסט לאָזן לעבן מיַינע קליינע בערעלעך. עמעט טאקע, עס וועט זיַין זייער א שווערע ריַיזע, וויַיל אפן וועג זיַינען פאראן מעכאשייפעס, קישעפמאכער און בייזע טיראנען, אָבער איך זאָג דיר צו, אריבערצונעמען קיַין טערקיַי און איך זאָג דיר צו, אז דו וועסט מער קיינמאָל ניט וויסן פון קיין נויט אפ דיַין גאנצן לעבן.

— איך בין מאסקים,—האָט געענטפערט דער יעגער.

4

די מיַיסע מיטן גאָלדענעם בער האָט געדויערט גאנצע דריַי וואָכן צו דערציילן. אפ גאנצן וועג ביז טערקיַי זיַינען פאָרגעקומען די אויסערגעוויינלעכסטע פאסירונגען. דאָס איז געווען די אייביק אלטע מיַיסע וועגן איינעם צו וועמען דאָס גליק קומט דורך א קישעפ. אלע אָרעמע מענטשן גלויבן אין אזעלכע קישעפ־פאסירונגען, און זיי כאָלעמען דאָס

גאַנצע לעבן, אַז אויך מיט זיי זאָל פּאַסירן אַזאַ גליק. מײַן טאַטע איז געווען איינער פון די פיל גלויבער.

דערפאַר פלעגט מײַן טאַטע דערציילן אָט די מײַסע מיט גרויס געפיל. איך געדענק ווי איך פלעג זי הערן אויפן טענעמענס־דאַך, אונטערן באַנאַכטיקן ניו־יאָרקער הימל. אנטקעגן דער לעוואָנע האָבן די הימל־קראַצער אויסגעזען ווי הענגענדיקע הויכע שיפן, מיט רויטע און ווײַסע פײַערלעך. טראָפּישע ווינטלעך האָבן געבלאָזן פון יאַם. פון גאַס האָט זיך דער־טראָגן דאָס קלאַפּערײַ פון דער איסט־סײַדער גאַס־באַוועגונג, ווי דאָס בראַבאַנעווען פון אַ גרויסן פּויק.

פון ענגליש—א. פּלאַטנער

ליפּע העלער

# שפּיל א ליד—די וועלט זאָל הערנ

שפּיל ארינע, שפּיל ארינע
אפ דײַנ צארטער מאנדאלינע,
אז דײַנ שפּילנ זאָלנ הערנ
איכ אונ דו אונ טויזנט שטערנ,
ווי די שיינע פעלדער גרינענ
אינ א זוניקנ באגינענ,
ווי עס גייט אינ פעלד די יוגנט —
אָנגעברענט פונ זונענ־שטראלנ...
ווי זי טרינקט פונ פולע קרוגנ —
פרישע וואסערנ פונ קוואלנ.

שפּיל געשמאק פונ הארצ פונ טיפנ,
זאָל דער ניגנ לאנגזאמ טריפנ,
ווײַז, ווי אינ א זומער־אָונט
באָדנ זיכ אינ טײַכ די שטערנ...
ווי אפ כוואליעס נאָענט, נאָענט
נעמט א פיש זיכ איבערקערנ...
ווײַז ווי אונטער דער לעוואָנע,
בא דער טײַכ אינ קוסטעס גרינע,
שטעלסטו אָנ דײַנ פרישנ פּאָנעמ
איכ זאָל קושנ דיר, ארינע...

שפּיל ארינע, שפּיל ארינע...
ווײַז ווי פירסטו דײַנ בריגאדע
זי זאָל אפ די פעלדער זיגנ,
ווי א פאסטעכ זינגט זײַנ סטאדע
אלע טאָג א נײַעמ ניגנ...
שפּיל ארינע, שפּיל ארינע...
ווײַז ווי איכ האָב דיכ באגעגנט,
אפ א הויכנ וואָגנ קאָרנ

כ׳בין געגאנגען דיר אנטקעגן —
ביזט געפלויגן—ניט געפאָרן!

שפיל ארינע, שפיל ארינע...
ווי מיר פליִען צו די שטערן —
שפיל א ליד די וועלט זאָל הערן —
די קאָלווירטניצע ארינע —
שפּילט איצט אף א מאנדאלינע!..

## מײַן מארוסיע

אז מײַן מארוסיע גייט ארויס אין פעלד,
ווערט זי שטאַרקער, ווערט זי שענער און זי העלט—
מײַן מארוסיע איז די שענסטע אין דער וועלט.

אז מײַן מארוסיע גייט אין פעלד צום שניט,
נעמט זי מיט אין האנט א סערפּ אין הארץ—א ליד—
מײַן מארוסיע האָב איך הארציק ליב.

אז מײַן מארוסיע גייט מיט מיר באנאכט
האָב איך ליב צו קוקן ווי זי לאכט,
מײַן מארוסיען האָב איך ליב, ווײַל זי איז צארט...

אז מײַן מארוסיע בלײַבט אוועלע שטיין —
דאָס קליינע פינגערל פארטראכט צווישן ציין,
טראכט זי עס—ווו איז דער בעסטער וועג אף גיין.

אז מײַן מארוסיע ווײַזט מיר מיטן האנט,
ווי ס׳פליט א שטערן דורך פון ראנד ביז ראנד,
ווײַזט זי עס די שיינקײַט פון מײַן לאנד.

אז מײַן מארוסיע גייט מיט מיר פון פעלד
אזא שטאַרקע, אזא שיינע, אזא העלד —
ווילט זיך אייביק לעבן אף דער וועלט.

י. שניידער

# מײַרעוו-ווײַסרוסלאַנד אונטער דער פּױלישער אָקופּאַציע

נאָכ 15 יאָר אנטוויקלונג פונ צוויי ווײַסרוסלאנדס, ווענ יעדע איז געגאנגענ אינ א
קעגנזעצלעכער ריכטונג, זעענ מיר בוילעט, וואָס עס טראָגט מיט זיכ פאר די ארבעטנ־
דיקע מאסנ די סאָציִאליסטישע אונ קאפיטאליסטישע סיסטעם. סאָוועטנ־ווײַסרוסלאנד איז
פונ אנ אָפּגעשטאנענע ראנד־לאנד פונ צארישנ רוסלאנד פארוואנדלט געוואָרנ אינ א פאָ־
דערשטער סאָציִאליסטישער רעפּובליק, א רעפּובליק, וואָס איז באלוינט געוואָרנ מיט א לע־
נינ־אָרדענ; מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד איז אפ ווײַטער פארבליבנ די אמערסטנ אָפּגעשטאנענע
געגנט אינ פּוילנ. די פאשיסטישע צײַטונג „אי. ק. צ.", מאכנדיק א פארגלײַכ צווישנ
מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אונ פּוזנער געגנט, שטרײַכט אונטער, אז „פּויזנ אונ פּאָליעסיע
זײַנענ אינגאנצנ אנדערע היסטאָרישע פאָרמאציעס, מיט אנדערע געזעלשאפט־ווירט־
שאפטלעכע סטרוקטורנ, אנדערע קולטורנ, אנדערע טיפּנ ווירטשאפטנ. פּאָליעסיע דאָס
איז 13 אָדער 14 י. ה., פּויזנ דאָס איז 20 י. ה.".

מיר וועלנ איליוסטרירנ אייניקע פאקטנ, וועלכע זאָגנ בוילעט וועגנ דער אָפּגעשטאנענ־
קײַט פונ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אינ פארגלײַכ מיט אנדערע געגנטנ פונ פּוילנ.

אינ דער צײַט, ווענ אינ פּוילנ האָט אינ 1933 דער יערלעכער געברויכ פונ אײַזנ אפ
איינ בירגער באטראָפנ דורכשניטלעכ 3,56 קלג. האָט אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד באטראָפנ
נאָר 0,8 קלג. דעמ געברויכ פונ צעמענט האָט אנ אונטערשייד פונ 3,19 קלג. אינ
מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אונ 1621 קלג. אינ צענטראל פּוילנ; געברויכ פונ קוילנ: 23 קילאָ
אפ איינ בירגער אינ מײַרעוו ווײַסרוסלאנד אונ 1282 אינ פּוילנ; אינ געברויכ פונ צוקער
באקומענ מיר אנ אונטערשייד פונ 3,96 קלג. אונ 13,46 קלג. אינ אויסגאבעס אפ טאבאק—אנ
אונטערשייד פונ 7,14 זל. אונ 25,72 זלאָטעס. אינ דעמ פארברויכ פונ קינסטלעכער באמיס־
טיקונג—אנ אונטערשייד פונ 0,3 קלג. אונ 14,12 קלג. די דורכשניטלעכע גערעטעניש פונ
איינ הא באטרעפט אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד 11 קווינטאל אונ אינ פּוילנ 20 קווינטאל
1933 יאָר.

אינ פּוילנ איז אינ דעקאבער 1934 י. אפ 412 טויזנט ארבעטער באשעפטיקטע אינ
דער אינדוסטריע געווענ 414 טויזנט אָפיציעל פארעגיסטרירטע ארבעטלאָזע, דאָס הייסט, אפ
יעדנ באשעפטיקטנ ארבעטער—איינ ארבעטסלאָזער. אנדערש איז אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד;
דאָרט איז אפ 15,620 באשעפטיקטע ארבעטער אינ דעקאבער 1934 י. געווענ 28,560 פאַ־
רעגיסטרירטע ארבעטסלאָזע. דאָס הייסט, אפ יעדנ באשעפטיקטנ ארבעטער—בא 2 אר־

בעטסלאָזע. דער אונטערשייד וואָלט געווענ נאָכ מער שארפער, ווענ מע זאָל פארגלײַכנ, ניט נאָר די פארעגיסטרירטע ארבעטסלאָזע, נאָר די פאקטישע צאָל ארבעטסלאָזע מענטשנ אינ שטאָט אונ שטעטל אונ די מיליאָניקע ארבעטסלאָזע, וואָס געפינענ זיכ אינ די דערפער.

באזונדערס גרויס איז די ארבעטסלאָזיקײַט צווישנ דער יוגנט, צווישנ די אזוי גערופענע געבוירענע ארבעטסלאָזע. וועגנ דער דאָזיקער קאטעגאָריע ארבעטסלאָזע האָט דער „קוריער ווילענסקי" געווידמעט א גרעסערנ ארטיקל, אינ וועלכנ מיר לייענענ: „עס וואקסט אונטער א נײַער דאָר יוגנט, וועלכער האָט נאָכ קיינמאָל ניט געארבעט אונ ווייס ניט, וואָס עס הייסט אויספילנ א טאָגטעגלעכע סיסטעמאטישע ארבעט. דאָס זײַנענ געבוירענע ארבעטסלאָזע. פארענדיקנדיק די שול, וויסנ זיי פריִער, אז זיי וועלנ קיינ ארבעט ניט באקומענ אונ זיי האָבנ ניט קיינ האָפענונג זי צו באקומענ. זיי וויסנ, אז קיינ זאכ דערווארט זיי ניט אינ לעבנ".

אינ דעם ארבעטסלוינ פונ פוילנ אונ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד איז פאראנ א גרויסער אונטערשייד. דער דורכשניטלעכער וועכנטלעכער ארבעטסלוינ פונ אנ אינדוסטריעלנ ארבעטער באטרעפט 10—15 זלאָטעס אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד, אינ דער צײַט, ווענ אינ פוילנ באטרעפט דער ארבעטסלוינ 25—30 זלאָטעס. די פארקירצונג פונ ארבעטסלוינ, די ניט קיינ פולע ארבעט־וואָכ, ברענגט דערצו, אז די ארבעטער פארקירצנ אינ א גרויסער מאָס די אויסגאבנ אפ פראָדוקטנ פונ ערשטנ געברויכ. לויט די אָפיציעלע מיטיילונגענ פונ פוילישנ קאָניונקטור־אינסטיטוט האָט דער געברויכ פונ אנ ארבעטער אינ 1933 יאָר באטראָפנ 58 פראָצ. אינ פארגלײַכ מיטנ 1921 יאָר. די קויפ־פײַקייט פונ די ארבעטער אינ שטאָט איז געפאלנ אפ 52 פראָצ. אינ פארגלײַכ מיטנ 1929 יאָר. דער געברויכ פונ די קליינע פויערשע ווירטשאפטנ איז געפאלנ אינ פארגלײַכ מיטנ 1929 י. אפ 54 פראָצ. אזוי זעענ מיר, אז די שטופע פונ פאלנ פונ דער קויפ־פײַקײַט באמ שטאָטישנ ארבעטער דערנעענטערט זיכ צ דעמ פאלנ פונ דער קויפ־פײַקײַט בא די פויערשע מאסנ. אינ די דאָזיקע ציפערנ אי אָכ ניט אויסגעדריקט דאָס פאלנ פונ געברויכ פונ די ארבעטסלאָזע.

וואָס אָנבאלאנגט אינ קולטורעלנ זינ איז דער אונטערשייד נאָכ בולטער. דער שול־צענטער געפינט זיכ אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אינ א ראדיִוס פונ 29 קילאָמעטער, אינ אויבערשלעזיע נאָר פונ 3 קילאָמעטער. דער אנאלפאבעטיזמ אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד כאפט ארומ בא 70 פראָצ. פונ דער באפעלקערונג אונ אינ פוילנ—בא 10 פראָצ. פונ דער באפעלקערונג.

מע קאָנ די דאָזיקע פארגלײַכונג ציִענ נאָכ ווײַטער, אָבער די געבראכטע ציפערנ זאָגנ אליינ פאר זיכ, אז מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד געפינט זיכ אינ אזא לאגע, אינ וועלכער עס האָט זיכ אמאָל אינ די צײַטנ פונ זעלבסטהערשונג געפונענ ווײַסרוסלאנד.

אינ דער צײַט ווענ אינ פוילנ ווערט פארשטארקט די אונטערדריקונג פונ אָקופירטע ניט פוילישע געגנטנ (מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אונ אוקראִינע), האָט די פארטיי אונ סאָוועטנמאכט געשטעלט פאר זיכ אנ אופגאבע אונטערציִענ די פריִער אונטערדריקטע לענדער אינ זייער ווּוקס. כ' סטאלינ האָט נאָכ אפנ 12־טנ פארטיי־צוזאמענפאָר אינ אפרעל 1923 י. געזאָגט: „אויסער שולנ אונ שפראכ זאָל דער רוסלענדישער פראָלעטאריאט אָנעמענ אלע מיטלענ צו דעם, אז אינ די ראנד־לענדער, אינ די אָפגעשטאנענע אינ קולטורעלנ זינ רעפובליקנ—אונ אָפגעשטאנענ זײַנענ זיי ניט צוליב זייער שולד, נאָר צוליב דעם, וואָס מענ האָט זיי פריִער באטראכט אלס קוואלנ פונ רויווארג—דארפ מענ זיכ דערשלאָגנ, אז

אין די דאָזיקע רעפובליקן זאָלן פארלייגט ווערן באזעס פון אינדוסטריע" (סטאלין „מארקסיזם און די נאַצקאָלאָניאַלע פראגע", ז. 117).

די דאָזיקע ווערטער פונעם כאַווער סטאלין האָבן באקומען א גלענצנדע קאָנקרעטע לייזונג אין סאָוועטן־ווײַסרוסלאַנד. אויב אין גאנצן סאָוועטנפארבאנד איז דער וווּקס פון דער אינדוסטריעלער פראָדוקציע געוואקסן אין משך פון דעם ערשטן פינפיאָר אף 219 פראָצ. האָט דער דאָזיקער וווּקס אין ווײַסרוסלאַנד באטראָפן 418,8 פראָצ. אזוי ווערט דורכגעפירט די לענינישׂ־סטאלינישע נאַצ. פּאָליטיק, פון העלפן אונטערציִען די פריִער אָפּגעשטאַנענע רעפובליקן. און אין דער ווירקלעכקײַט האָט זיך ווײַסרוסלאַנד, אדאנק דער דאָזיקער הילף, ארויסגערוקט אין די פאָדערשטע רייען פון גאנצן סאָוועטנפארבאנד. ווען מיר פארגלײַכן דאָס אויבן געזאָגטע מיט מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד, האָבן מיר אינגאנצן אַן אנדער בילד. מיר האָבן אין מ.וו. א בילד, וואָס כאַראקטעריזירט די קאפּיטאליסטישע סיסטעם מיט איר נאַצקאָלאָניאַלער אונטערדריקונג, מיט איר פּאָליטיק פון פארהאלטן די אנטוויקלונג פון די פּראָדוציר־קויכעס פון אונטערדריקטן לאַנד.

אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד זײַנען פאראן פיל ניט גערירטע קאָלאָסאַלע טאָרף־רײַכטימער. אין באזונדערע ערטער ביז 9 מעטער אין דער טיף פּלאסטן טאָרף, אָבער קיין איין טאָרף־זאַוואָד איז אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד ניט פאראן, ווײַל קעגן דעם זײַנען די פּוילישע קוילן־באראָנען, וועלכע ווילן ניט דערלאָזן קיין קאָנקורענץ מיטן קוילן־מארק, וואָס וואָלט ארקלענערט די פארדינסטן פון די קוילן־באראָנען.

דאָס זעלבע קומט פאָר מיט לײַן און האָלץ. זיי ווערן ארויסגעפירט אין א ניט באארבעטער פאָרם אין צענטראלן פּוילן, ווו זיי ווערן אף די דאָזיקע פאבריקן איבערגעארבעט, אָדער זיי ווערן עקספּאָרטירט אלס רויווארג קיין אויסלאַנד.

ווען מיר פארגלײַכן די פארמילכאָמעדיקע אינדוסטריע אף דער טעריטאָריע פון הײַנטיקן סאָוועטן־ווײַסרוסלאַנד מיט דער פארמילכאָמעדיקער אינדוסטריע פון מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד, זעען מיר, אז אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד איז די אינדוסטריע געווען מער אנטוויקלט, ־אָרטן זײַנען געווען גרעמערע אונטערנעמונגען. איצט האָבן מיר אין סאָוועטן־ווײַסרוסלאַנד אזעלכע גיגאַנטן, וואָס די צאָל ארבעטער פון איין גיגאַנט איז גלײַך דער צאָל ארבעטער פון א גאנצער וואָיעוואָדסטווע אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד. איין וויטעבסקער פאבריק „די פאָן פון אינדוסטריאליזאציע" האָט איבער 4,000 באשעפטיקטע ארבעטער, אין דער צײַט, ווען אין גאנץ ווילנער וואָיעוואָדסטווע זײַנען אין צענזאָווער אינדוסטריע באשעפטיקט בלויז בא 3000 ארבעטער. איין עלעקטראָסטאנציע אין סאָוועטן־ווײַסרוסלאַנד „בעלגרעס" האָט אזויפיל קראפט, וויפל אלע עלעקטראָסטאנציעס פון מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנר צוזאמענגענומענע. ענלעכע פארגלײַכונגען קען מען מאכן אויך אין דער האָלץ־באארבעטונג־אינדוסטריע און מעטאל־ אינדוסטריע. מיר וועלן בלויז אונטערשטרײַכן, אז פאר די 15 יאָר זײַנען אין סאָוועטן־ווײַס סלאַנד אויסגעוואקסן אזעלכע קאָמבינאטן פון האָלץ־באארבעטונג, ווי דער מינסקער זאַוואָד א. נ. מאָלאָטאָוו, דער באָברויסקער קאָמבינאט און אנדערע. אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד איז פאר דער צײַט פארמאכט געוואָרן די איינציקע מעבל־פאבריק פון גאנץ מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד אין ווילנע.

אין סאָוועטן־ווײַסרוסלאַנד זײַנען אנטשטאנען אזעלכע מעטאל־זאַוואָדן, ווי „וואָראָשילאָוו", „קיראָוו" און אנד. אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד זײַנען אין 1929 יאָר געווען באשעפטיקט בא 500 מעטאליסטן, איצט—ניט מער ווי בא 200 ארבעטער.

די גרעסערע מעטאל־פאבריקנ, וואָס זייַנענ געווענ אינ מייַרעוו־ווייַסרוסלאנד, אָדער זיי זייַנענ פארמאכט געוואָרנ, אָדער זיי האָבנ פארקירצט זייער פּראָדוקציע צוליב די ניט־קאָנ־קורענצ־מעגלעכקייַטנ מיט די פוילישע מעטאל־אויסארבעטונגענ.

מע דארפ אונטערשטרייַכנ די אומגעהייַערע עקספּלואטאציע פונ די מעטאל־ארבעטער אינ מייַרעוו־ווייַסרוסלאנד, ווי דער ארבעטסלוינ באטרעפט א העלפט פונ דעמ ארבעטסלוינ אינ אויבערשלעזיע. אפנ כעזשבנ פונ נידעריקנ ארבעטער־לוינ האלטנ די פאבריקאנטנ אויס דעמ קאָנקורענצ־קאמפּ מיט די פוילישע פאבריקאנטנ.

אינ דער אינדוסטריע פונ סאָוועטנ־ווייַסרוסלאנד זייַנענ געווענ באשעפטיקט אינ 1933 יאָר בא 114 טויזנט ארבעטער, אינדערצייַט, ווענ פאר דער מילכאָמע—בלויז בא 15 טויזנט. אינ מייַרעוו־ווייַסרוסלאנד זייַנענ אפ אלע אונטערנעמונגענ געווענ פארנומענ אינ 1935 יאָר בלויז בא 20 טויזנט ארבעטער. דערבייַ איז ניטאָ קיינ איינ אונטערנעמונג אינ וועלכער עס זאָל זייַנ באשעפטיקט בא 1000 ארבעטער.

די דאָזיקע פּאָליטיק פונ פוילישנ אימפּעריאליזמ האָט איינ גרונט־ציל—צו פארפעס־טיקנ מייַרעוו־ווייַסרוסלאנד אלס רויוואַרג־באזע פאר דער פוילישער אינדוסטריע אונ אלס אָפּזאצ־מארק פאר איר פּראָדוקציע.

אינ א נאָכ טיפערער דעגראדאציע, ווי די אינדוסטריע, געפינט זיכ די לאנדווירטשאפט אינ מייַרעוו־ווייַסרוסלאנד.

די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט געמאכט א סאָפ צו דער פריצישער פארקנעכטונג, איבערגעבנדיק די ערד די אָרעמע אונ מיטעלע פויערים. אינ פעריאָד פונ פאנאנדערגע־וויקלטנ אָנגריפ אפנ גאנצנ פראָנט, אפ דער באזע פונ דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע, איז ליקווידירט דאָס קולאקנטומ אלס קלאס. די פויערימ־מאסנ זייַנענ פעסט אוועק אפנ וועג, וועלכנ עס האָבנ אָנגעוויזנ אונדזערע לערער—לענינ אונ סטאלינ. דאָס לעבנ פונ די פויערימ־קאָלווירטניקעס איז אינגאנצנ געענדערט געוואָרנ—זיי לעבנ א פרייַלעכ־פארמעג־לעכנ לעבנ.

אינ קעגנזאצ צו דעמ פארמעגלעכנ לעבנ פונ דעמ סאָוועטישנ פויער האָבנ מיר א נעבעכ־דיקנ לעבנ פונ די פויערימ אינ מייַרעוו־ווייַסרוסלאנד, א לעבנ, וואָס איז א לאנגע קייט פונ מאטערניש אונ קאמפּ פאר עקזיסטענצ, קאמפּ קעגנ דער הערשנדיקער פריציש־קאפּי־טאליסטישער פוילישער אָקופּאציע.

די פויערימ־מאסנ אינ מייַרעוו־ווייַסרוסלאנד האָבנ פאר די אלע יאָרנ פונ דער פוילי־שער אָקופּאציע אויסצושטיינ א סיסטעמאטישע בארויבונג פונ זייער ערד; די דיפערענ־ציאציע פונ דאָרפ גייט מיט שנעלע טריט פאָרויס אונ אנדערש קענ עס ניט זייַנ. ווייַל „דער קאפּיטאליסטישער וועג פונ אנטוויקלונג,—ווי עס זאָגט דער כ' סטאלינ,—הייסט אנ אנטוויקלונג דורכ דער טיפסטער דיפערענציאציע פונ פויערטומ מיט גרויסע לאטיפונדיעס אפ איינ פּאָליוס אונ איר מאסעווער פאראָרעמונג אפנ צווייטנ פּאָליוס"[1].

אינ מייַרעוו־ווייַסרוסישנ דאָרפ האָבנ מיר א קליינע גרופּקע פונ פריצימ, וועלכע באטרעפט בא 0,8 פּראָצ. צו אלעווירטשאפטנ. אָבער זיי האלטנ בא זיכ אינ די הענט מער ווי א העלפט פונ דער גאנצער ערד אינ מייַרעוו־ווייַסרוסלאנד. אונ פארקערט, די אָרעמע פויערימ אונ די האלב־פּראָלעטאריער, וואָס באטרעפנ צוזאמענ 60 פּראָצ. פונ אלע

[1] סטאלינ „פּראָגעס פונ לעניניזמ" ז. 30 (אויסגאבע 1930).

ווירטשאפטן און ערד, פארמאָגן בלויז 12 פראָצ. די דאָרפישע בורזשואזיע—דער קולאק האָט מער ערד, וויפל עס האָבן אלע אָרעמע פויערישע ווירטשאפטן צוזאמען גענומען.

די פאשיסטישע אגראר־פּאָליטיק העלפט נאָך פארשנעלערן דעם דיפערענציִאציע־פּראָצעס אין דאָרף דורך דער אזוי גערופענער קאָמאסאציע (כוטאָריזאציע). צוליב דער ליקווידירונג פון די סערוויטוטן פאלט דער פויער אין קאבאלע צום פּאָרעצ, קולאק און מעלוכע.

די בעסערע ערד ווערט פון פויער צוגענומען און זי ווערט אוועקגעגעבן די מיליטערישע און ציווילע קאָלאָניסטן, וועלכע דארפן זײַן די אָרדנונג־היטער פון דער פוילישער אָקופּאציע אין מײַרעוו־ווײַסרוסישן דאָרף. דאָס זײַנען די, וואָס דארפן פארזיכערן א „רויקן טיל“ אין פאל פון א מילכאָמע מיטן סאָוועטנפארבאנד.

אלס איליוסטראציע צו דער לאגע פון די פויערים אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד קענען דינען די אָנגאבן וועגן א ביודזשעט פון א פויערישער ווירטשאפט אין דאָרף יאלאָווקא, גראָדנער אויעזד, וועלכער האָט 4 הא ערד. עס ווײַזט זיך ארויס, אז 40 פראָצ. פון דעם דאָזיקן בידזשעט מוז דער פויער אוועקגעבן פאר שטײַערן און כויוועס. דער פויער האָט אײַנגאנצן פארקירצט די אויסגאבן אפ אזעלכע פראָדוקטן, ווי זאלצ, שוועבעלעך און קליידונג. אויב אין 1933 י. האָט ער נאָך אויסגעגעבן עטלעכע זלאָטעס אפ קינסטלעכער באמיסטיקונג, האָט ער עס אין 1934 י. אינגאנצן פארקירצט. די צוגאָב־פארדינסטן, וועלכע דער פויער פלעגט פריִער האָבן אפ די פארשיידענע מעלוכישע ארבעטן בא וועג־בויונג, מעליאָראציע און אנדערע, זײַנען אין 1934 י. אינגאנצן ליקווידירט געוואָרן, ווײַל דער פויער מוז עס איצט אָפּארבעטן אומזיסט, ער מוז עס טאָן אפן סמאך פון דעם נײַעם געזעצ, אזוי גערופענעם „שארווארקעס“.

די פויערים אין סוואלקער אויעזד מוזן יערלעך אָפּארבעטן אומזיסט אפ די דאָזיקע „שארווארקעס“ 109 טעג. עס איז פארשטענדלעך די פארביטערונג און דער האס, וואָס עס וואַקסט צווישן די פויערישע מאסן צו דער פאשיסטישער רעגירונג. דידאָזיקע פארביטערונג האָט זיך אויסגעגאָסן אין רעוואָלוציִאָנערע מאסן־ארויסטרעטונגען, מיט צוזאמענשטויסן מיט פּאָליציי.

ניט האָבנדיק קימאט קײַן פארדינסטן פון דער ווירטשאפט, ווײַל קימאט אלצ גייט אוועק פאר שטײַער, שטראָפן, כויוועס א. א. און ניט האָבנדיק קײַן צוגאָב פארדינסטן, האָבן זיך ביז גאָר פארקלענערט די אויסגאבעס פון די פויערים אפ די אמערסטן נייטיקע זאכן. די אונטנגעבראכטע ציפערן באשטעטיקן דאָס פולשטענדיק. לויט די אויסרעכענונגען פון לאנדווירטשאפטלעכן אינסטיטוט אין ווארשע האָבן זיך די אויסגאבעס פון די פויערים אין 1933/34 יאָר אפ פראָדוקטן פון ערשטן געברויך שטארק פארקלענערט. איין דערוואַקסענער מענטש האָט אויסגעגעבן אפ:[1]

| | 1928/29 | 1932/33 |
|---|---|---|
| פעטס . . . . . . . . . . | 12,29 | 4,25 |
| מעל . . . . . . . . . . | 3,80 | 1,39 |
| קליידונג . . . . . . . . . | 75,74 | 27,0 |
| שוכווארג . . . . . . . . . | 32,18 | 12,52 |
| אפ בילדונג פאר די קינדער . . | 25,62 | 6,69 |

1) "כלאָפּסקא פראוודא" 21.4.25

מיר זעענ, אלזאָ, א קאָלאָסאלע פארקלענערונג. דערביי — די גרעסטע פארקלענערונג איז פאָרגעקומענ אפ קולטור־אויסגאבעס — אפ 74 פראָצ. דאָס איז אינ דער צייט, ווענ אינ סאָוועטישנ דאָרפ זייַנענ אומגעהייַער אויסגעוואָקסנ די קולטור־אויסגאבעס פונ יעדנ קאָלווירטניק באזונדער.

ווי עס ענטפערנ די פויערים־מאסנ אפ דער אונטערדריקונג פונ דער פאשיסטישער דיקטאטור, וויאזוי די פויערים־מאסע קעמפט אונטער דער אָנפירונג פונ דער ק.פ.מ.וו. קענ מענ זיכ איבערצייַגנ פונ די פילמאָליקע ארויסטרעטונגענ פונ די פויערים קעגנ די מאָסמיטלענ פונ דער רעגירונג, פונ דעמ אָנטייל פונ די פויערים־מאסנ אינ פאָליטישע דעמאָנסטראציעס, אָרגאניזירטע דורכ דער קאָמפארטיי.

א באשטאנד־טייל פונ דער פאשיסטישער אָקופאציע־פאָליטיק בענעגייע די ארבעטנדיקע מאסנ אינ מייַרעוו־ווייַסרוסלאנד, דאָס איז די נאציאָנאלע אונטערדריקונג. די האָרעפאשנע מאסנ פונ די אונטערדריקטע דורכנ פוילישנ אימפעריאליזמ פעלקער פילנ טאָגטעגלעכ די גרויסהערשערישע פויליש־שאָוויניסטישע פראָפאגאנדע, פילנ טאָגטעגלעכ די רעזולטאטנ פונ דער דאָזיקער פראָפאגאנדע. אינ גאנצ מייַרעוו־ווייַסרוסלאנד, מיט איבער א 2־מיליאָניקער ווייַסרוסישער באפעלקערונג, איז ניט פאראנ קיינ איינ ווייַסרוסישע שול, דאנ ווענ אינ א קורצער־צייַט בעשאס די רויטע ארמיי איז געווענ אפ דער טעריטאָריע פונ מייַרעוו־ווייַסרוסלאנד האָבנ פונקציאָנירט איבער 400 ווייַסרוסישע שולנ, דאָס איז דאנ, ווענ גאנצ סאָוועטנ ווייַסרוסלאנד איז באדעקט מיט א ברייטער ווייַסרוסישער שולנעצ. דאָס זעלבע מיטל־שולנ פונ אנדערע נאציאָנאליטעטנ.

אינ גאנצ־מייַרעוו־ווייַסרוסלאנד איז ניט פאראנ קיינ איינ מעלוכע־שול מיט יידיש אלס אונטעריכט־שפראכ אונ די קינדער פונ די ניט פוילישע נאציאָנאליטעטנ ווערנ געצוווּנגענערהייט פאָלאָניזירט.

ווענ מיר ריידנ וועגנ נאציאָנאלער אונטערדריקונג פונ פוילישנ אימפעריאליזמ, דארפנ מיר פארשטיינ, אז דאָס איז ניט נאָר רוידעפנ אונ פארמאכנ שולנ פונ נאציאָנאלע מינדערהייַטנ; דאָס איז ניט נאָר ניט דערלאָזנ אנטוויקלענ די קולטורנ פונ אנדערע נאציאָנאליטעטנ, דאָס איז אויכ ניט דערלאָזנ דעמ ווייַסרוסישנ אָדער יידישנ ארבעטער אפ ארבעט אינ די מעלוכישע אונטערנעמונגענ, אפ אייַזנבאנענ. דאָס איז אויכ פארטרייַבנ די ווייַסרוסישע פויערים פונ זייער ערד אונ עס אוועקגעבנ די מיליטערישע קאָלאָניסטנ "אָסאדניקעס" א. אז. וו.

די פאָליטיק פונ פוילישנ פאשיזמ פונ ניט צו דערלאָזנ די יידישע ארבעטער אינ מעלוכישע אנטערנעמונגענ אונ ארויסשטופנ זיי פונ די גרויסע אונטערנעמונגענ, ווערט רורכגעפירט סיסטעמאטיש, טאָגטעגלעכ. עטלעכע הונדערט יידישע ארבעטער אינ גראָדנע האָבנ צענדליקער יאָרנ געארבעט אינ דער באקאנטער גרויסער שערעשעווסקעס טאבאק־פאבריק. צוליב דער אנטיסעמיטישער פאָליטיק זייַנענ פונ דער פאבריק קימאט אלע יידישע ארבעטער באזייַטיקט געוואָרנ. דאָס זעלבע איז געווענ אינ ביאליסטאָק אונ אינ ווילנע מיט די ארבעטער אונ אָנגעשטעלטע פונ די בייַשטאָטישע אויטאָבוסנ, אינ דער קראנקנ־קאסע, מאגיסטראט א. א. וו. אויב א פוילישער ארבעטלאָזער ווערט רעגיסטרירט אפ דער ארבעטבירזשע אונ אייניקע פונ זיי באקומענ א נעבעכדיקע הילפ, ווערט א יידישער ארבעטלאָזער אפילע ניט רעגיסטרירט אונ עס איז ביכלאל אויסגעשלאָסנ, אז אפילע איינער פונ טויזנט זאָל באקומענ א פאָר גראָשנ שטיצע.

די אנטיסעמיטישע אגיטאציע איז אינ די הענט פונ דער בורזשואזיע פונ שטענדיק אָנ

געווענ א געווער אינ זייער קאמפ מיט דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. מיט דער פארשארפונג פונ דער לאגע פונ ארבעטער־קלאס, פויערטומ אונ שטאָטישנ קליינבירגערטומ, מיטנ וווּקס פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג האָט איצט די פוילישע בורזשואזיע ווידער אָנגעהויבנ רופנ צו פאָגראָמ־ארויסטרעטונגענ. יעדער טאָג ווערט אינ דער ענדעקישער צײַטונג „ווארשאווסקי דזשענניק נאראָדאָווי" געפריידיקט וועגנ פארטרײַבנ די ייִדנ פונ פוילנ. אינ א נומער פונ דער צײַטונג פונ 16 יונ ה. י. איז געווידמעט א ספעציעלער לייטארטיקל א. נ. „פאָגראָמענ", ווו די פוילישע מאסנ ווערנ גערופנ צו אנטי־ייִדישע ארויסטרעטונגענ. ווי עס איז באקאנט זײַנענ פונקט מיט א פאָר טעג פריִער פאָרגעקומענ אָרגאניזירטע פאָגראָמענ דעמ 9־10 יונ אינ גראָדנע, סוואלקי אונ ראציאָנאזש. אפּ אנ אָרגאניזירטנ אופנ זײַנענ די אנטיסעמיטישע כוליגאנעס אינ גראָדנע באפאלנ די קווארטאלנ, וואָס זײַנענ באוווינט דורכ די ייִדישע האַרעפּאשניקעס. א לענגערע צײַט האָבנ זיי געהוליעט אָנ שטערונג פונ דער פאָליציי, אינ רעזולטאט זײַנענ שווער פארוווּנדעט געוואָרנ בא 20 מאנ, פונ זיי זײַנענ אייניקע געשטאָרבנ אינ שפּיטאָל. ווי שטענדיק ווערנ נאָכ די פאָגראָמענ דורכגעפירט ארעסטנ צווישנ... דער ייִדישער יוגנט.

אינ די דאָזיקע פאָגראָמ־ארויסטרעטונגענ פונ די פוילישע רעאקציאָנערע קויכעס האָט זיכ די לעצטע ניט אײַנגעגעבנ ארײַנציִענ די פוילישע ארבעטער, פארקערט, עס זײַנענ באקאנט פאקטנ ווענ פוילישע ארבעטער צוזאמענ מיט ייִדישע האָבנ געמיינזאמ פארטריבנ די פאָגראָמשטשיקעס. די קאָמוניסטישע פארטיי רופט אלע ארבעטער אָנ אונטערשייד פונ נאציאָנאליטעט צו געבנ א געמיינזאמענ ענטפער די פוילישע רעאקציאָנערע קויכעס, געמיינזאמ קעמפנ קעגנ פאשיזמ.

אינ די באדינגונגענ פונ דער שרעקלעכער עקאָנאָמישער לאגע פונ די ארבעטנדיקע מאסנ, אינ באדינגונגענ פונ גרויזאמער נאציאָנאלער אונטערדריקונג, אינ באדינגונגענ פונ א שנעלער צוגרייטונג צו מילכאָמע קעגנ פסס״ר וויקלט זיכ פאנאנדער די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג פונ ארבעטער־קלאס אונ פויערטומ אונטער דער אָנפירונג פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי. די קאָמוניסטישע פארטיי — דאָס איז דער איינציקער קויעכ, וואָס מאָביליזירט די ארבעטנדיקע מאסנ פונ שטאָט אונ דאָרפ צומ קאמפ קעגנ פאשיזמ, צומ קאמפ קעגנ מילכאָמע, דער איינציקער קויעכ, וואָס מאָביליזירט די מאסנ פאר א רעוואָליוציאָנערנ אויסגאנג פונ קריזיס, פאר דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע.

די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג פונ פוילנ אונ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד טרעפט זיכ אָנ מיט א שטארקנ ווידערשטאנד פונ פאשיסטישנ טעראָר. דער פוילישער פאשיזמ, אלס ענטפער אפנ וווּקס פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, פארשטארקט דעמ טעראָר, אָנווענדנדיק די היטלערישע מעטאָדנ פונ קאמפ קעגנ דער קאָמוניסטישער באוועגונג. איבער 12 טויזנט קאָמוניסטנ שמאכטנ אינ פאשיסטישע קאזעמאטנ. נאָר דער דאָזיקער פאשיסטישער טעראָר קענ ניט פארהאלטנ די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג, קענ ניט אָפּשרעקנ דעמ ארבעטער פונ שטרײַק־באוועגונ.

אפילע די אָפיציעלע מעלוכישע סטאטיסטיק קענ ניט באהאלטנ דעמ גרויסנ וווּקס פונ דער באוועגונג, וועלכע איז געווענ פאר די לעצטע יאָרנ. אינדערצײַט ווענ אינ 1931 יאָר זײַנענ געווענ 359 שטרײַקנ מיט 106,900 שטרײַקנדיקע, איז אינ 1934 יאָר געווענ איבער טויזנט שטרײַקנ מיט איבער 400 טויזנט שטרײַקנדיקע.

ווי מיר זעענ איז פאר די לעצטע 4 יאָר די שטרײַק־באוועגונג אויסגעוואקסנ אינ 3 מאָל, דערבײַ איז די צאָל ארבעטער אָנטיילנעמער פונ די דאָזיקע שטרײַקנ פארגרעסערט געוואָרנ

אינ 4 מאָל. באזונדערס דארפ אונטערגעשטראָכנ ווערנ וועגנ א נײַער פאָרם פונ שטרײַקנ, וואָס די ארבעטער ווענדנ אָנ אינ דער לעצטער צײַט. דאָס זײַנענ שטרײַקנ ווענ די ארבעטער פארלאָזנ ניט די פאבריק, בלײַבנ אפ דער טעריטאָריע פונ דער פאבריק אונ אזוי ארום דערלאָזנ ניט צו שטרײַקברעכערײַ אונ צווינגענ דעמ פאבריקאנט אנטקעגנ קומענ זײערע פאָדערונגענ. וועגנ ווּקס פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג־פונ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אונ די אײַנפלוסנ פונ ק.פ.מ־וו. ווײַזנ אונדז די הײַיאָריקע ערשט־מײַ־דעמאָנסטראציעס. דער קאָמוניסטישער פארטיי האָט זיכ אָינ א ריי שטעט אײַנגעגעבנ אָרגאניזירנ אײנהײַטלעכע דעמאָנסטראציעס. די אײנהײַטלעכע ערשטמײַיקע דעמאָנסטראציע אינ ביאַלעסטאָק האָט ארומגעכאפט איבער 8 טויזנט מענטשנ. אזא דעמאָנסטראציע איז נאָכ אינ ביאלעסטאָק ניט געווענ זינט 1920 יאָר. די קאָמוניסטנ לײגנ צו אלע קויכעס קעדײ דער אײנהײַטלעכער פראָנט פונ אלע סאָציאַליסטישע פארטײענ זאָל געשאפנ ווערנ.

רעוואָליוציאָנערע ארויסטרעטונג פונ די פויערימ־מאסנ זײַנענ פאר דער לעצטער צײַט פאָרגעקומענ אינ א גאנצער ריי דערפער. די פאָליטישע רײַפקײַט פונ די פויערישע ארויסטרעטונגענ באשטעטיקט אונדז דער פאקט פונ מאסנ־אָנטײלנעמענ אינ קאמפ פאר באפרײַענ דעמ כאווער טעלמאנ. אינ קאָסאָווער אויעזד האָבנ די פויערימ־מאסנ אפ טעלמאנס פאָטאָגראפיע געשריבנ רעזאָליוציעס וועגנ זײַנ באפרײַונג אונ קאָפּיעס געשיקט דעמ דײַטשישנ קאָנסולאט אינ ווארשע.

אָנפירנדיק מיטנ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ פונ די ארבעטנדיקע מאסנ אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד, גיט אָפּ די ק.פ.מ.וו. אלס א באשטאנד־טײל פונ ק.פ.פּ. א באזונדער אופמערקזאמקײַט דער פראגע פונ קאמפ קעגנ מילכאָמע־געפאר פאר פארטײדיקנ פפס״ר.

אינ ענדע יונ ה. י. איז פאָרגעקומענ דער צווײטער צוזאמענפאָר פונ ק.פ.מ.וו. וועלכער האָט אָנגעמערקט א קלאָרנ וועג פונ קאמפ קעגנ פאשיזמ. „די הויפּט־אופגאבע פונ דער ק.פ.מ.וו. איז פארברײטערנ דעמ אײנהײַטלעכנ ארבעטער־פראָנט, צונויפזאמלענ ארומ פראָלעטאריאט אלע אנטיפאשיסטישע פאָלקס־קויכעס, שאפנ אנ אנטיפאשיסטישנ פאָלקס־פראָנט צומ קאמפ קעגנ דער קאפיטאליסטישער עקספּלואטאציע, קעגנ דעמ צערויבנ די רעשטלעכ פאָליטישע רעכט באמ פאָלק, קעגנ דער פוילישער אָקופּאציע אונ אימפעריאליסטישע מילכאָמע, פאר פרײַהײַט, ברויט, ארבעט אונ פרידנ“. (פונ באשלוס פונעמ 2 צוזאמענפאָר פונ דער ק.פ.מ.וו.).

א. דאמעסעק

# די שטימ פונ אקסעלראָדס ליריק

אינ א רויטארמייִשער ליד פונ זײַנ נײַעמ ביכל לידער מאכט זעליק אקסעלראָד א פאר־גלײַכ מיט מענדעלעס צײַט. „עס דערמאָנט זיכ—זאָגט ער—מעמ מויכער־ספאָרים, וואָס איז דאָ געבאָרנ ניט ווײַט״—

דער קאפוליער גראָער זאָקנ
וואָלט א טרייסל געטאָנ מיט זײַנ באָרד:
ווי לאָזט מענ זיכ גיינ אָנ א פלאָקנ
אינ אזא אָ הינטישנ אָרט...

די אסאָציִאציע איז גענומענ אינ שטייגערישנ זינ. ניט ווילנדיק דערמאָנט זיכ, אז אזא מאָטיוו פונ „מוירע פאר א הונט״ האָט אויסגעפילט אווראָמ רייזינס, אומשטיינס געזאָגט, א „סאָציִאלע״ ליד:

ווי קומ איכ צו שיינהײַט פונ וואנענ מײַנ קינד!
דער וועג צו די פעלדער—דורכ גאָיִמ אונ הינט...

ווי ווײַט זײַנענ רייזינס שורעס פונ דער אידיי, פונ די געפילנ, וועלכע עס באהערשנ דעמ סאָוועטישנ דיכטער אקסעלראָד אינעמ רויטארמייִשנ שינעל. דער וועג צווישנ די קאָלווירטישע פעלדער, דער רויש פונעמ האָבער אונ גערשטנ אינעמ ווינט רופט ארויס בא אימ דעמ שטאָלצנ אײַנדרוק:

גלײַכ עס גייט די וועלט איצט באהערשנ
א דיכטער אונ קאָמאנדיר...

די דיסטאנצ, ווי מיר זעענ, איז א קאָלאָסאלע. דאָס ווארפט א רעפלעקטאָרישע ליכט אפ דעמ היסטאָרישנ וועג, וואָס די ייִדישע סאָוועטישע דיכטונג האָט דורכגעמאכט אינעמ קאמפ פאר איר נײַעמ אידייִש־קינסטלערישנ אינהאלט אונ פאָרמ.

אונ כאראקטעריסטיש איז דאָס צו דערקאָנענ גראדע אפ אקסעלראָדס דיכטונג, ניט נאָר ווײַל אקסעלראָד איז איינער פונ אונדזערע שטארקע אונ קוואליפיצירטע ייִדישע סאָוועטישע ליריקער, נאָר דעריקער, וואָס אקסעלראָד אליינ איז אינ ערשטנ פעריִאָד פונ זײַנ שאפנ געשטאנענ אפנ ראנד פונ די צוויי וועלטנ, אימ האָט געדראָט די געפאר צו אײַנזאפנ אינ זײַנ פאָעזיע יענע מוטנע ריטשקעס, וואָס האָבנ זיכ געטראָגנ פונ די הערשנדיקע טראדיציעס אינ דער ייִדישער בורזשואזער אונ קליינבירגעלעכער פאָעזיע פונ פאר דער מילכאָמע.

*

ווענ אינ 1922 י. איז אינ מינסק דערשינענ אקסעלראָדס ערשט לידער־העפטל „צאפל", האָט עס קיינ באזונדער אופמערקזאמקײַט צו זיכ ניט געקאָנט ציִענ. אונטער דער לאסט פונ בורזשואזער יערושע איז געווענ אינ די פאָר צענדליק לידער סײַ דער אינהאלט, סײַ די בילדערישקײַט, סײַ די לעקסיק.—ווײַטער פונ עפיגאָנישקײַט וועט ער ניט גיינ,—האָט געמוזט זײַנ דער ערשטער אײַנדרוק,—כאָטש אינ די שורעס האָט מענ געקאָנט זענ, ווי א מענטש שטיקט זיכ, ווארגט זיכ, הויקערט זיכ אינ פארעלטערטע טראדיציאָנעלע בגאָדים, זינגט ניט מיט זײַנ שטימע.

ווי קומט צו דעם 18 יאָריקנ באָכערל אזוינע רייד, ווי:

„זיכרוינעס! זיכרוינעס! אָ אָדערלעכ דינע,
באהעפטע אינ הארצנ פונ פינקלענ אונ לעשנ,
צי וועל איכ בא עמעצנס פרעגנ אײַכ בענטשנ
מיט אופגאנג אונ אָפגייג פונ פינקלענ אונ לעשנ?"

פונ וואנענ זיכרוינעס—אז סאכאקל איז ער אינ דער צײַט פונ דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע געווענ א היימלאָזיק קינד, וואָס האָט אינ די וואגאָנעס גלעאָזנ „א ווייכע, א קינדערשע טרער"? ווי קומענ צו אים אזעלכע פאָרשטעלונגענ פונ בענטשנ אונ שילטנ, פונ אופגאנג אונ אָפגיינ, פונ פינקלענ אונ לעשנ?—מיט מירעלעס ווערטער האָט מענ געקאָנט אפ אים זאָגנ, אז עמעצער האָט איבערגעלעבט זײַנ פרילינג אונ פונ אים רעדט בלויז ארויס דאָס אָפגיינ פונ א קלאס, וואָס וויל אים מאכנ פאר זײַנ דומפיקנ ווידערקאָל.

אינ „צאפל" איז קענטיק געווענ די צעטומלקײַט פונ אקסעלראָדס דיכטונג אינ יענער צײַט. דער דעקלאסירטער קליינבירגער, ווערמעס אידעאָלאָגיע זעליק אקסעלראָד האָט דאנ אויסגעדריקט, האָט אינ צײַט פונ אימפעריאליסטישער מילכאָמע פארלאָרנ זײַנ עקאָנאָמישע אײַנגעזעסנקײַט אונ איז געשטאנענ פאר אלצ נײַע אומדערוואַרטעטע דערשיטערונגענ. דאָס, אונ באזונדערס די אָקטיאבער־רעוואָליוציע, האָט א שטארקנ וואקל געטאָנ אויכ זײַנע אידייִשע פאָזיציעס.

אינ אזא צושטאנד פונ דעפרעסיע האָט זיכ געפונענ אקסעלראָדס דיכטונג: קיינ גאנצקײַט פונ „נאציאָנאלער אידיי" איז שוינ אינ איר ניט געווענ, פונ קיינ נײַעם אינהאלט אונ אווּדע ניט פונ קיינ נײַער פאָרמ האָט ער ניט געוווּסט. עס ציט אים ניט איינהאָרנס באסמאלקע פונ שאבעס, ער קאָנ ניט ווערנ איר ראָמאנטיקער. ער גייט אָבער ארומ אינ א זײַדענער העמדל פונ יערושע („גיי איכ אינ א זײַדענער העמדל א „יויסעפ") אונ עס שרעקט אים אָפ דאָס נײַע אינעם לעבנ. דערפאר איז אזוי שטארק בא אקסעלראָדנ די סטיליזאציע. די בילדערישקײַט אונ די לעקסיק פונ דער נאציאָנאליסטישער דיכטונג דריקט אפ אים באזונדערס שטארק. נעמט אזעלכע געדיכטע נאציאָנאליסטישע פארבנ, ווי „פארציט שוינ מידע גאס א טונקעלנ פאָרויכעס"; „עס שיילט זיכ אויס א נאכט פונ גראָווער מײַרעוו־כופע אונ אינ א טלאס־פאליערינע ווי א באָבע שלײַכט": „וואשט ארומ זיכ האלב־פארכאלעשטע לעוואָנע אונ בלײַבט א ליכטעלע בא אָוול־ערד צוקאָפנ"; „טורעמס מעסטנ זיכ ווי מייסים־שטיבל הייליק, ווענ ס'קושנ הימלענ זיכ פארלאָשנ נאָכ א א דאווענענ" א. א. וו.

נײַ איז געווענ דאָ, ווי עס איז צו זענ, בלויז די יידישע אָרטאָגראפיע פונ די העברייִשע ווערטער...

לאנג אָנהאלטן האָט עס, פארשטייט זיך, ניט געקענט. צו שטארק זײַנען געווען די קלעפּ, וואָס דאָס קליינבירגערטום האָט באקומען פון דער בורזשואזיע אין די יאָרן 1914—1917, אין דער זעלבער צײַט האָט די רעוואָליוציע געבראכט א גרויסע קלאָרקײַט פאר דעם מיטל־קלאס, אז די מער וואכע און סאָציאַל־געזינטערע האָבן געמוזט זיך דערנענטערן צו איר. אקסעלראָד האָט טאקע דערזען: „עס קײַקלען זיך געטער און באָטעמדראָשים ווי כיילעוונע טראָפּנס ליכט".

*

אונדזער קריטיק האָט אָפגעמערקט אפן ערשטן עטאפ פון אקסעלראָדס שאפן דעם קליינבירגערלעכן אינדיווידואליזם. אינדערעמעסן, איז דער פארשטארקטער קער צום אינדיווידואליזם געווען שוין בא אקסעלראָדן דער אָנהויב פון זײַן באפרײַען זיך פון דער נאציאָנאל־אָפגייענדיקער ליריק.

פאר אָט דער צײַט איז אָנגעמאָסטן אקסעלראָדס אייגענע אנערקענונג:

„אזויפיל נײַס אפ דער ערד אראָפ,
נײַס אזויפיל מײַן אָטעם שטילן,
נאָר איך קאָן איצט ניט מיט שווארצן קאָפ
פארפליִען ווײַטער פון אייגענע געפילן".

דאָס הייסט: „נײַס" האָט ער געזען, זיי האָבן אָנגעהויבן אפילע זײַן „אָטעם שטילן", אָבער ווײַטער פון די „אייגענע געפילן" איז ער ניט אוועק.

פאר אקסעלראָדן איז געשטאנען די אופגאבע צו ברענגען אין קאָנסאָלידאציע זײַנע „אייגענע געפילן" מיט די „נײַסן" פון דער צײַט, די סוביעקטיווע איבערלעבונגען פון דיכטער מיטן לעבן פון דער רעוואָליוציע. דער בוך „לידער" (דערשײַנען אין 1932 י. און שליסט אײַן אָפגעקליבענע לידער זינט 1923 י.) פארענדיקט מיט אָט דעם קלאס פון אײַנשטעלן די דיכטערישע שטים, פארמאָגט שוין עכטע סאָוועטישע ליריק.

אויך דאָ רעדט אקסעלראָד וועגן זיך, דער „איך" איז דער ווענד־פונקט פאר זײַנע קינסטלערישע עמאָציעס. ס'וואָלט אָבער געווען א טאָעס צו זען אין דעם עגאָצענטריזם, דאָס פארנעמען זיך מיט דער אייגענער ווייניקײַט, מיטן קליינבירגערלעכן סמאקע' וועגן די איבערלעבונגען פון דער אייגענער אינדיווידואליטעט. אקסעלראָד וויל איצט דערגרייכן אידייִש־קינסטלערישע פעסטקײַט, ער זוכט „דעם שליסל צו גאָר דער וועלט" און האלט אין קעסיידערדיקן אָפשאצן די מאָס פון זײַן אידעאָלאָגיש שעפערישער רײַפקײַט.

מע קאָן אפילע לויט דערדאָזיקער ליניע נאָכשפירן די סאָציאַלע אנטוויקלונג פון אקסעלראָדס דיכטונג. אין „מײַן ערשטע ליד" קומט דער באגײַסטערטער געפיל פון שאפן פארן קאָלעקטיוו („מײַן ערשטער וואָרט—פאר אלעמען, פאר אלע! מײַן ערשטער וואָרט—פאר גאסן א גרוס!"), ווו דער דיכטער באטאָנט מיט פרייד: „עס איז מיר אזא ליכטיקײַט באפאלן". אין אן אנדער ליד זינגט ער: „איך בין נאָך א קינד א פארשײַטער און מאָן שוין אזויפיל פון זיך". אזוי וואקסט אָן א געפיל פון פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר די אופגאבן, פאר דער דיכטונג אלס געזעלשאפטלעכע טריבונע. מיט קינדערשער נאַיִווקײַט זאָגט ער:

„איך הויב זיך אויף אפ א לייטער א ווײַלע,
איך וויל א קוק טאָן—עפשער בין איך גאָר בלינד".

אָבער אָט איז שוינ א העכערע מאדרייגע פונ באוווּסטזײַנ:

„מיט עמעצנ פארמעסטנ זיך איז אייביק שווער,—
מיט זיך אלֿיינ איז טויזנט מאָל נאָך שווערער״.

אָט די אומופהערלֿעכע פארמעסטונג אפ וווקס, אפ שטײַגנ איז כאראקטעריסטיש פארנ סאָציאלֿנ איבערגעבורט פונ אקסעלראָדס לֿיריק. עס איז מאמעש צו באוווּנדערנ וויפֿל מאָל דער דיכטער קערט זיך אומ צו די זעלֿבע באטראכטונגענ איבער זיך, איבער זײַנע קינסטלֿערישע מעגלֿעכקײַטנ, איבער זײַנע פייִקײַטנ צו באנעמענ די „נײַסנ״ פונ לֿעבנ. אינ דעמ איז באשטימט פאראנ א רעשטל פונ אינדיווידואלֿיסטישער אינערציע, עס איז אָבער גלֿײַכ־צײַטיק א רעאקציע קעגנ דעמ אייגענעמ אינדיווידואלֿיזמ, וועלֿכער איז געווענ געווענדעט נאָר אינ זיך אלֿס צענטער פונ אופמערקזאמקײַט אונ עמאָציאָנעלֿער דערהויבונג.

אמאָל טרעט ארויס בא אקסעלראָדנ דידאָזיקע אייגנשאפט פונ זעלֿבסט־באטראכטונג אינ א נעגאטיווער שײַנ. מע קאָנ נאָך בארעכטיקנ דעמ דיכטער, ווענ ער זאָגט: „אָט אהינצו, ווו טויזנטער אײַלֿנ, קאָנ זיך ניט אײַלֿנ קיינ קינד״... די פּאָרזיכטי־קײַט איז עפשער דאָ א צייכנ פונ ווירקלֿעכער שוואכקײַט. כאָטש אינ א צווייטנ אָרט ווײַזט ער ארויס מער מוט אונ וויל גיינ אינ פוסטריט מיט די גרויסע, אשטייגער:

„מײַנ קאָפ, מײַנ קינדערשנ, ווי אלֿע גרויסע,
געוואָרפנ האָב איכ אינ ראש פונ לֿאנד״.

גאנצ אנדערש איז אָבער, ווענ די דאָזיקע פאָרזיכטיקײַט פארוואנדלֿט זיך באמ דיכטער אינ א שטערונג, אינ מוירע, אָפּהענטיקײַט, שרעק פאר די גרויסע אופגאבנ אונ איבער־טרײַבונג פונ דער אייגענער שוואכקײַט. דאָס האָט געצווונגענ דעמ דיכטער צו צוימענ זײַנ קינסטלֿערישע געוואגטקײַט, דאָס האָט עפשער אימ אויכ דערפירט צו דעמ איבערײַס אינ זײַנ שאפנ, צו דעמ פעריאָד פונ שווײַגנ, וואָס ער האָט דערנאָך אלֿיינ פארורטיילֿט. דאָס איז געווענ שוינ קלֿיינבירגערלֿעכע מוירע פאר פאראנטוואָרטלֿעכקײַט. צוערשט האָבנ מיר געהערט בא אקסעלראָדנ אזעלֿכע טענער פונ פאָרזיכטיקײַט, ווי:

„איכ טאָר נאָך ניט, ווי פוילֿע צווײַגנ
א ריס טאָנ זיכ ביז שווארצער ערד״.

די דאָזיקע ווערטער וואָלטנ נאָך אויכ עפשער געקאָנט אויסגעטײַטשט ווערנ ווי א ווילֿנ צו אָנזאמלֿענ קויכעס אונ זיכ קאָנענ מער פארלֿאָזנ אפ זיכ. אינ אנ אנדער אָרט זעענ מיר אָבער, ווי דאָס וואקסט אריבער אינ א שטרויכלֿונג, ברענגט צו דעזאָריענטאציע. מיר הערנ בא אימ אומעטיקע טענער, וואָס פירנ צו פאסיווקײַט:

„אונ איכ האָב זיכ אינ מיטנ וועג דערוווּסט
אינ טויזנט זײַטנ קערנ זיכ אינ טויזנט זײַטנ וועגנ״.

דאָס דראָט שוינ מיט בלֿײַבנ אינמיטנ וועג, מיט בלֿײַבנ בא די אילֿיוזיעס פונ קינדיש־קײַט, אויכ ווענ דער „קינדער־פעריאָד״ איז פארבײַגעגאנגענ. ניט אומזיסט פארענדיקט זיך דידאָזיקע לֿיד מיט א ביסל א געבראָכענער שטימ, ווענ דער דיכטער זעט, ווי ער שטייט אָפּ פונ לֿעבנ:

„ס'איז כווידעש יול, דער פרילֿינג איז אוועק.
אינ רייפנ גלֿאנצנ האָט זיכ א זאנג צעשמייכלֿט.
אונ איכ גיי ערשט ארויס אינמיטנ וועג
מײַנ פעסטע קלֿאָרקײַט צו דערגרייכנ״.

אקסעלראָד האָט שפעטער אָנגערופן דעמראָזיקן צושטאנד „פארבלענדעניש“, וואָס איז אים געפאלן אפ די אויגן און ניט געלאָזן זען „די אייגענע ערד“, וואָס האָט אים אויך געפירט צום אוועקבלאָנדזשען „אָן א זײַט, אין דער קרים“. עס האָט זיך געפאָדערט ארײַנטרעטן אין א נאָך שארפערער קריג מיט דער אייגענער פארגאנגענהײַט, מיט דער אידעאָלאָגיע פון דעקלאסירטקײַט. דאן האָט דער דיכטער געגעבן א מין שוווּע:

„זאָל בעסער א קויל ארײַן אין מײַן הארצן,
איידער ווײַטער צו שווײַגן בא דער אייגענער שוועל“...

אין זײַן ליד איז צוגעקומען א נײַער סאָציאַלער שטראָם—דיכטערישע זעלבסטקריטיק:

„אויב מע דארף
איז זיך אליין אויסגעפײַפט
מיט א נײַעם געזאנג
זיך צעהילכן“.

די אינדיווידואליסטישע דיכטונג האָט געוווּסט פון זעלבסט-גריבלערײַ, פון זעלבסט-פײַניקונג, פון שלאָגן זיך מיטן פויסט אין הארצן, ווי א מיטל פון לירישן עקסטאז, פון פארגעסן זיך, פון מאָראלישער סאטיספאקציע פאר דער אייגענער הילפסלאָזיקײַט. די זעלבסטקריטיק ווי א לירישע טעמע איז אין דער סאָוועטישער דיכטונג א געזונטער סאָציאַלער געפיל, וואָס האָט מיטגעהאָלפן דעם דיכטער ארויסגיין פון טעמפן ווינקל, אופהויבן זיך אפ העכערער שטופע פון באוווּסטזײַן, פארטיפן זיך אין די דערשײַנונגען פון לעבן און אין די אייגענע דיכטערישע אופגאבן. זי האָט מיטגעהאָלפן דער רעקאָנסטרוקציע פון זײַן „איך“.

בא אקסעלראָדן באקומט ערשט די לירישע ליד א גרעסערע פאראלגעמיינערונג, א ברייטערע אָביעקטיווקײַט, זי ווערט פילאָזאָפישער, קאָנקרעטער, טיפער. סײַ די ספעציפֿישע אווטאָקריטישע לידער, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר לירישע דעקלאראציעס („אפסנײַ הויב איך אָן מײַן צעריסענעם פאַדים“, „זאָל זײַן געבענטשט די לויטערע מינוט“), סײַ ווען דערדאָזיקער מאָטיוו ווערט ארײַנגעפלאָכטן אין א זײַטיקער טעמע („שאָכ“ א. אנד.), זײַנען זיי ניט פרעמד אונדז. זיי וואקסן אריבער דעם קרײַז פון פערזענלעכע מאָטיוון, זיי פארמאָגן אן אָביעקטיוון זעלבסט-ווערט און זײַנען נאָענט אונדז אין זייער פאראלגעמיינערונג, נעמט, א שטייגער, די אסאָציאַציע, וואָס באגלייט די ליד „שאָכ“, אין וועלכער עס הערן זיך דורכויס באגלײַך מיטן אייגנטלעכן שאָכ-מאָטיוו פאראלעלע לירישע טענער פון זעלבסטבאטראכטונג, ביז זיי ווערן פארגאנצט אינעם שלוס-אקאָרד:

—„עס טוט מיר זייער ווײ און ס'טוט מיר זייער באנג
פאר מײַן ערשטן שלעכטן גאנג“...

דאָסזעלבע ווען דער דיכטער באטראכט די ערשטע ליד זײַנע אין שײַן פון דער אָנוואקסנדיקער פאראנטוואָרטלעכקײַט און די דורכפאלן אפ זײַן וועג, מאכנדיק דערבײַ דעם אויספיר—זאָל זײַן געבענטשט

„אָט די רעגע, אָט די לויטערע מינוט,
ווען גענומען האָט מען זידלען מיך און לויבן,
אין די שורעס קוקן, ווי אין ריינע שויבן
ווי זעט עס אוים: שלעכט איז דאָ, צי גוט...“

דער דיכטער געהערט דאָ שוין ניט זיך, נאָר דעם קאָלעקטיוו. דער געפונענער וועג צום סאָציאַלן „איך״ איז באַלערנדיק און קינסטלעריש דערנענטערט צום לייענער.

דער פּראָצעס פון סאָציאַלער פאַרגעזינטערונג גייט איצט אסאך שנעלער. אקסעלראָד האָט באקומען די פייִקייט אפילע צו איבערשאַצן זאכן, וואָס ער האָט פריִער פאַרהערלעכט און געקוקט אפּ זיי מיט באַגרענעצטקייט. די אַלטע היים, וואָס האָט אים אזוי געהאלטן אין יערושע־צוויבער, איז איצט אין זײַנע אויגן „נאָר א טעמפּער מעסער, וואָס קאָן ניט אָנרירן און קאָן שוין שארף ניט זײַן״. ער באַציט זיך שוין איראָניש צום קליינבירגער־לעכן אינדיווידואַליזם, און דאָס רופט שוין ארויס בא אים פאָלגנדיקע איראָנישע כאראַק־טעריסטיק:

„און מע וועגט אין דער נאכט אזוי ווי אפּ שאָלן
דעם קליינינקן ווערט פון אייגן געזיכט״.

געוויס איז דער דאָזיקער פּראָצעס פון באַרײַכערן זיך מיט נײַע סאָציאַלע דערפאַרונגען ניט קיין גראַדליניקער אין אקסעלראָדס דיכטונג פון דעמדאָזיקן פעריִאָד. ווען מיר נעמען די לידער, לויט זייערע דאַטעס, שטויסן מיר זיך אָן אפּ ווידערשפּרוכן, אפּ וואַקלונגען (דערמאָנט זיך די ליד „צום קענדל״, ווו עס ווערט ווידער אופגעלעבט דער לירישער פײַערל צו דעם זיידנס יערושע). זיי ווערן אָבער וואָס ווײַטער אַלץ ווייניקער דידאָזיקע ווידערשפּרוכן, ביז עס קריסטאַליזירט זיך אויס די אייגנאַרטיקע סאָוועטישע ליריק פון אקסעלראָדן.

*

אקסעלראָדס ליד האָט באקומען א רעאַליסטישע קלאָרקײַט. זי איז קאָנקרעט, אפילע שטייגערדיק, קורץ, שטײַפּ און אײַנדריקפול. דער דיכטער האָט ליב געקראָגן אָפענע, איינפאַכע רייד, לירישע פאָשעטקײַט, וואָס גייט פון דער נאַטור פון די פאַקטן. ניט אומ־זיסט געהערן צו די בעסטע לידער אין ביכל פון 1932 י. „הארבסט 1915״ און די רויט־ארמייִשע לידער.

מיר ריידן צוזאמען וועגן דידאָזיקע צוויי ציקלען, כאָטש זיי זײַנען פון פארשיידענע פעריִאָדן, כאָטש זיי דריקן אויס פארשיידענע קעגנזעצלעכע שטימונגען. אין זיי איז אָבער אמ־בוילעסטן קענטיק וואָס פאַרא גוטע ווירקונג עס האָט געהאט אפּ אקסעלראָדס דיכטונג דער קער צו קאָנקרעטקײַט, צום שטייגער, צו דער סאָציאַלער ווירקלעכקײַט. אין די לי־דער וועגן 1915 י. הערן זיך פּעסימיסטישע טענער; אָבער דאווקע די אופריכטיקע לירישע דערינערונגען פון יענער צײַט שפּאנען אריבער מיט זייער אָביעקטיוון עמעס דעם פּעסי־מיזם אלס וועלט־אָנשויונג. אזא איז פאָלגנדיקע ליד:

„שטיל און אקשנדיק א מאמע האָט געבוירן
מעסטנדיק פון ווילנע קיין טאמבאָוו...
ווינט א קינד פאַרוויקלט דאָ אין שטרויען
אפּ טרעפּלעך הילצערנע פון נאַקעטן וואַגאָן.״

שטייען קינדער דאָ און ציילן
די ברעטלעך־זעגענונג פון נײַע שטעט...
אזוי, וועט מען אמאָל דערציילן,
האָט מען געצויגן זיך אין ווײַטן וועג...״

דער קינדערשער אָפּטימיזם איז דאָ ניט קיין צופעליקער. ער ציט אָפּ די אופמערק־זאמקײַט פון דעם שווארצן פּאָן צו א מער מונטערער פּערספּעקטיוו. אזא מונטערקײַט

דערפילן מיר אויך אין דעם דיכטערס דערינערונג וועגן די „בלאָנדע זעלנער", וועמעס לידער זײַנען אויסגעמישט מיט טרערן פון היימלאָזע פרויען, וועלכע זיצן געאַרעמט „פאַרקוקט זיך אין ווײַטע לענדער".

ניט געקוקט אפ דעם, וואָס די הערשנדיקע שטימונג איז, ווי געזאָגט, דורכויס א גע־דריקטע, א פעסימיסטישע, טוט א גלאַנץ פאַר אונדז פון די ריכטיק־ארופגעבראַכטע אין זיקאָרן דערינערונגען א מער ליכטיקע און אופמונטערנדיקע צוקונפט. דאָס זײַנען העלע אָאזיסן אין דעם גאַנצן אומעטיקן פייזאַזש פון הארבסט 1915 י.

די רויטאַרמייִשע לידער זײַנען אינגאַנצן געבויט אפ שטייגער־מאָמענטן. די פאָרם—א דער־ציילערישע, דאָך פאַרמאָגן זיי א באַדײַטנדיקע לירישע פאַראַלגעמיינערונג. דאָס איז צוליב דעם, ווײַל דער דיכטער לעבט זיך אויס אין א פול־אָריענטירטע לעבן, פאַר אים איז אַלץ פאַר־שטענדלעך און דורכזיכטיק. דאָס איז לירק פון אַקטיוון מיטלעבן—לײַדנשאַפט פון טאַט.

דער קינסטלערישער מעטאָד אין די רויטאַרמייִשע לידער איז פונקט א קעגנזעצלע־כער צו דעם, וועלכער איז אונדז באַקאַנט פון דער בורזשואַזער אינדיווידואַליסטישער ליריק. דאָרט האָט די רעאַלע וועלט ניט געהאַט קיין רעכט אפ זעלבסטשטענדיקער עקזיס־טענץ, זי האָט עקזיסטירט נאָר ווי א סטימול פאַר די איבערלעבונגען פונעם בורזשואַזן דיכטער. אין דער סאָוועטישער ליריק איז דער דיכטער באַרופן לירש באַהערשן דאָס לעבן, אַרײַנלעבן זיך אין דער רעאַלער ווירקלעכקײַט, דערפילן, אויב מע קען זיך אַזוי אויסדריקן, אירע לירישע פרוזשינעס. דעריבער קען אין דער סאָוועטישער דיכטונג גע-מאָלט זײַן דאָס, וואָס מע רופט אָן „אייגנטלעכע ליריק" צוזאַמען מיט שילדערונג, צוזאַ-מען מיט דער מאַטעריעלער וועלט פון דערשײַנונגען. עס איז געמאָלט פייזאַזש, שטייגער מיט סאָציִאַלער באַטראַכטונג, מיט לירישע פאַראַלגעמיינערונגען. קיין וואַנט צווישן דעם סוביעקטיוון לעבן פונעם סאָוועטישן דיכטער און דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן עקזיסטירט ניט.

און, ווירקלעך, הערט זיך צו צו דעם אָטעם פונעם „פּאָסט נומ. 4", עס קלאַפּט בא אים איין פולס מיט דער גאַנצער רויטער אַרמיי, מיט אַלע אַרבעטנדיקע פון סאָוועטנפאַר־באַנד—דעם רעזערוו פון דער רויטער אַרמיי.

„מײַן אויג, מײַן אויער—אַלץ איז אָנגעשפּיצט אין מיר,
דורך שטילקײַט פראָסטיקער איך קען אַזש הערן
דער לעוואָנעס רויִקן און קאַלטן ריר,
די אָנגעשטרענגטע בלויקײַט פון די גרויסע שטערן..."

איז עס עפּשער א „לירישע אָפּווייכונג" פונעם דיכטער־רויטאַרמייער, וועלכער שטייט אפן פּאָסט אין א דרײַסיק־גראַדוסדיקן פראָסט און עס איז אים געגעבן צו היטן אַזעלכע „פראָזאַישע" זאַכן, ווי א טיר, א שטעמפּל, א שוואַרצער שלאָס און נאָך, און נאָך?— ניין, דורך אָט דעם געפיל, וואָס ער קען אין שטילקײַט פראָסטיקער אַזש הערן דער לעוואָנעס רויִקן און קאַלטן ריר, די אָנגעשטרענגטע בלויקײַט פון די גרויסע שטערן (אַזאַ טײַערע געלעגנהײַט בא דעם עסטעטישן ליריקער צו זעלבסט־פאַרגעסן זיך!),—זעען מיר נאָך שאַרפער די אָנגעשפּיצטקײַט פון זײַן אויג און אויער, דעם קלאָרן באַוווּסטזײַן פאַר די פליכטן:

„ס'איז שטיל און ווײַס. מײַן ביקס אין האַנט,
כ'שטיי גרייט געצילט צו אַלע ווײַטע רופן.
א רויטאַרמייער וויס פאַרטיידיקן זײַן לאַנד,
צי אפ דער וואַך, צי בא די גרענעץ־קנופּן..."

ס'איז געגעבן אַן אָביעקטיווע וועלט, אַ וועלט פון פליכטן און דיסציפלין (וואָס פּאַראַ העסלעכע באַגריפן פאַרן אינדיווידואַליסטישן אינזיך־ליריקער!), און דאָך אַזוי אייגן, אַזוי אינטים־ליריש.

נאָך מער רויטאַרמייִשער שטייגער, פּייזאַזש, אָביעקטיוו־דערציילערישער פּאַן איז געמאָלט אין דער ליד „אַ רויטאַרמייִשער שאַבעסניק". און, ווידעראַמאָל, פילן מיר פון אָנהייב ביזן סאָף די ליריק,—זאָל עס זײַן דורך דער לירישער באַוועגונג, וואָס דער דיכטער זעט אין יעטווידן שטילן און שטאַרקן צושטאַנד („הײַנט איז אַ רו־טאָג בײַ אונדז, ציטערט די ביקס ניט אין האַנט", „הונדערט רידלס אַ הויב אינדערהויך, עס ציטערן אופעט די שליעמענ", „אַ מידקײַט אַ קלאָרע גלעט די גלידער אַצינד"), זאָל עס זײַן אין דעם קאָלעקטיוון געפיל פון באַוווסטזײַן, וואָס באַהערשט אַלעמען אָפּן שאַבעסניק. די אייגנטלעכע לירישע טעמע און די אידיי זײַנען צונויפגעוואָקסן צוזאַמען, דעריבער קלינגט אַזוי פּאַראַלעגעמיינערנדיק, שטרענג און צו דערזעלבער צײַט פֿאָלקסטימלעך־וואַרעם דער סאָף פון ליד:

„מיר האָבן בײַ הונדערט געריייניקט דאָ שנייִ...
און מיר זינגען אַזוי
און מיר שפּאַנען אַזוי,
אַז די סאָנים אין גאַס וועלן פּלאַצן..."

*

אקסעלראָד גייט אַרײַן אין דער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע ווי דער דיכטער פון מיניִאַטיור־ליד. אין איר ווײַזט ער אַרויס אַ באַדײַטנדיקע מײַסטערשאַפט, און ער שטרעבט צו פּאַרפולקאָמען זי. די מיניאַטיור־ליד האָט אירע געזעצן און איז גלײַכבאַרעכטיקט אין דער דיכטונג ווי די סיוזשעטישע פּאָעמע, ריכטיקער געזאָגט: מע קאָן אין דער ליד פון „קליינער פאָרם" אויסלאָדן גרויסע עמאָציאָנעלע לײַדנשאַפטן. דער בעסטער באַווײַז דערצו איז ניט קיין אַנדערער ווי היינע. „דאָס נײַע אין זײַן (היינעס) לירישן סטיל,— שרײַבט ג. בראַנדעס,—באַשטייט אין דער קיינמאָל נאָך ניט־געזעענער געפּרעסטקײַט זײַנער. זײַנע לידער זײַנען פּונקט ווי אַ שטאַרקער עקסטראַקט. זיי גיבן אַראָמאַט, דופטיקע עסענץ פון לײַדנשאַפט, לעבנס־דערפאַרונג, פאַרביטערטקײַט, שאַרפזין, אויסלאַכונג, שטי־מונגען און פאַנטאַזיעס,—אַן עסענץ פון פּאָעזיע און פּראָזע אין איין און דערזעלבער צײַט" (ג. בראַנדעס, אַלע ווערק 11 באַנד, זײַט 204, רוסישע אויסגאַבע). דאָס איז ריכטיק ניט בלויז וועגן דעם לירישן סטיל פון היינען ביכלאַל, נאָר אויך וועגן זײַנע פיל מיניִאַטיור־לידער, וועגן זײַן קורצער סטראָפע, וואָס צייכענען זיך אויס צוליב זייער קליינער פאָרם נאָך מיט מער קאָנדענסירטקײַט פון סטיל און לײַדנשאַפטלעכן אינהאַלט. אויב אקסעלראָד האָט כאָטש עפּעס געגאַשט פון דערדראָזיקער היינישער קאָנדענסירטקײַט און געפּרעסטקײַט,—און דאָס איז אָן צווייפל,—האָט עס געהאַט די בעסטע ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון זײַנע פייִקײַטן צו איבערגעבן, אין די ראַמען פון זײַנע מעגלעכקײַטן, אַ קורץ־געפּאַסטן עמאָציאָנעל־אָנגעלאָדענעם אינהאַלט אין דער מיניִאַטור־ליד.

די שטרעבונג צו פּאַרפולקאָמען זיך אין דער ריכטונג פון מיניאַטיור־ליד איז בולעט בײַ אקסעלראָדן אין זײַן נײַער זאַמלונג „און ווידער לידער". פון שטאַנדפּונקט פון דער אַנטוויקלונג אין זײַן שאַפן, וואָס איז ענג פאַרבונדן מיט דער סאָציאַל־פּאָליטישער אויס־פאָרמירונג פון זײַן דיכטערישן „איך", באַמערקן מיר בײַ אים איצט אַ גרעסערע סטאַביל־קײַט. אקסעלראָד האָט אויפגעהערט צו וועגן זײַן יעדע ליד, ער טאַפּט זיך ניט בײַם דווי־

פעק, מעסט ניט זײַן דערוואַקסנקײַט אפּן לײטער, ער שפּיגלט זיך שוין ניט אין זײַן קינסטלערישער מאַסקע. דער דיכטער האָט זיך אָרגאַנישער אײַנגעשלאָסן אין לעבן. די ליד איז ניט קײן „איבערבראַך", קײן דירעקטע „איבערבױונג", נאָר אַן אומיטלבאַרע פאַרטיפונג אין אָביעקטיװן פאַקט, אין דער װירקלעכקײַט. דאָס נײַע אין „װידער לידער" איז טאַקע די שטרעבונג צו דערגרײכן אַ גרעסערן סינטעז פון די פאַקטן, װאָס גײט בײַ אים צוזאַמען מיט דער פאַרמעסטונג אַף געפּרעסטקײַט און קאָנדענסירטקײַט פונעם אינהאַלט און פאָרם. אַקסעלראָד האָט זיך אױסגעלערנט „די שטרעקעס נעמען װי אַ גוטער רײַטער", געשװינדיקער לױפן איבער די געשעענישן, אינדערצײַט װען אינעם לאַגער „סאָװעטישע װײַסרוסלאַנד" (פונעם ציקל „רױטאַרמײיִשע לידער"), צום בײַשפּיל, האָט ער געמוזט נאָך גײן הין און צוריק, זיך פאַרהאַלטן אַף יעדן אָרט און מאַכן דערבײַ זײַנע באַאָבאַכטונג-אױספירן. איצט איז אױך פאַרן דיכטער אַ װוּנדער:

„האָסט אַף אַזױפיל געריכט זיך,
לאָזט זיך אױס נאָר אַ קלײנע ליד".

דער סינטעז פאָדערט פאַראַלגעמײנערן די דערפאַרונגען, באַשטימען זײערע גרונט-געזעצן. אַקסעלראָד זעט אין אָט דער דערקענטעניש די מיסיע פון דיכטער:

„אין שװערקײַט בײַקומען ליגט עפּעס אַזױנס,
װאָס װאַרעמט דיך און פירט דיך װײַטער, װײַטער.
אַזױ פון טאָג צו טאָג מיר װערן צוגעװױנט,
די שטרעקעס נעמען װי אַ גוטער רײַטער".

ניט אומזיסט באַנוצט אַקסעלראָד אַזױ אָפט אין זײַנע לידער די עפּיגראַם, דעם אַפּאָריזם. זײ דריקן אױס זײַנע דערװאָרבענע לעבנס-עמעסן. דעמזעלבן ציל האָבן אױך זײַנע שװאַכערע, דורכױס געדאַנקלעכע לידער („אַכרײַעס" א. אנד.).

אַקסעלראָד איז ניט אװעק פון יענער גוטער דיכטערישער טראַדיציע זײַנער צו װענדן זיך צום שטײגער, צו דער רעאַליסטישער דעטאַל, ליריש קאָמענטירן די װירקלעכקײַט. כאַראַקטעריסטיש איז אָבער, װאָס די דערשײַנונגען פון לעבן זײַנען איצט מערסטנטײל געװענדעט צו אים מיט זײער, אַזױ צו זאָגן, אַלעגאָרישער זײַט. אַקסעלראָד שאַפט, אַזױ אַרום, זײַנע פאַראַלגעמײנערונגען.

„כאַפּסט זיך אַרײַן אין זאָאָלאָגישן גאָרטן
קוקסט זיך צום העלפאַנד צו:
סאַראַ קראַפט אין זײַן שנוק איז פאַרבאָרגן,
אַז אָפילע אַ נאָדל ציט ער צו".

דער לירישער עפעקט װערט דערגרײכט דורך אַ שאַרפן דיסאָנאַנס און פּלוצלונגדיקן קער פון געדאַנק אין אַן אומדערװאַרטעטער ריכטונג. אַזאַ דיסאָנאַנס מיט נאָך אַ מער אומדערװאַרטעטן אױספיר האָבן מיר אין דער לעצטער סטראָפע פון דער זעלבער ליד (װאָס שטעלט מיט זיך פאָר ביכלאַל אַן אָנלױף פון געדאַנקען װעגן דער הײַנטצײַטיקײַט):

„דערנאָך יאָגסטו שנעלער און גיכער,
כאַפּסט זיך אָן אָן טראַמװײַ-װאַגאָן
און ביזט שױן אײַנגאַנצן זיכער,
אַז דײַן לעבן הײבט זיך איצטער אָן..".

אנדערע װעלנ דרייענ מיט דער נאָז, אז עס איז ווילקירלעכ, אז עס איז צונויפגעשלעפּט, אָנ א לאָגישנ צוזאמענבונד. מיר פארגיבנ אָבער דעמ דיכטער זײַנ „פּרײַענ“ שפּרונג פונ טראמװײַ־װאגאָנ צומ אייגענעמ לעבנס־װעג, אפ װיפל די דאָזיקע װײַטע אסאָציאַציע האָט א רעאלנ װערט אונ שטויסט אונדז צו דערפילנ דורכ דעמ קליינטשיקנ פאקט יענע לעבנס־ענערגיע אונ דעמ גלויבנ, מיט װעלכנ עס איז פול אונדזער װירקלעכקײַט.

גאנצ אָפט מאכט אַנ אײַנדרוק, אז דער אוטער פארמאָגט זײַנ אייגענע לאָגישע פארבינדונג פונ דערשײַנונגענ, אז ער נעמט פונ זיי ניט דאָס אלגעמיינ־באוווסטע, ער שטרעבט ביכלאל ניט צו געבנ אונדז א פעסטנ אײַנדרוק, נאָר אָנרעגנ צו עטוואָס נײַעס, וואָס איז געזענ אינ אַנ אייגענער שײַנ. אזא איז די אינטערעסאנטע ליד „באגעגעניש“. א פּאָשעטע אינ איר פּאָבוליארישקײַט װעקט זי בא אונדז אַנ אײַנהײַטלעכע לירישע שטימונג, רעגט אונדז אָנ צו דערפילנ דאָס נײַע אינ אונדזער סאָװעטישנ שטייגער. װײַל בלויז בא אונדז קענ געמאָלט זײַנ אזא אָפענע אינטימקײַט צווישנ מענטשנ פונ פארשיידענע קאליבערנ (א דיכטער, א קאָמאנדיר, אַנ ארטיסט, א קאָלווירטניק), װעלכע זײַנענ אָבער פארבונדנ מיט דער אלגעמיינער אידיי פונ אונדזער סאָציאַליסטישנ לעבנ („אזוי אָ װערט מענ פלרצימ נאָענט—יעדער איינער מיט זײַנ פאכ“).

מע דארפ זאָגנ, אז ניט שטענדיק איז די „פרײַע“ אסאָציאַציע פונ דיכטער באזירט אפ א רעאלנ עמעס. עס טרעפט אויכ, אז דער ארויסגעפירטער גדאנק איז אזוי װײַניק „נײַ“, אז ער קויפט ניט אויס דעמ אוטערס קינסטלערישע מיטלענ־פארשווענדונגענ („װיפל דארפ מענ נאָכ קנײטשנ דעמ שטערנ אפ זײַנ כאָטש א האלבער שעקספיר“, א גאנצע ריי שוינ צו פארײנפאכטע אפאָריזמענ אונ ווערטלעכ).

עס װעט ניט איבעריק זײַנ צו אָפּמערקנ דאָ, פארבײַגײענדיק, אז װענ אקסעלראָד האָט אמאָל מיטנ זעלבנ מעטאָד פונ אלעגאָרישקײַט, פונ זײַטיקע אסאָציאַציעס אויסגעדריקט די פאלשע אידיי פונ רעספעקט פאר דעמ „זיידנס יערושע“ („צו מײַנ קענדל“), האָט ער גע־מוזט ארײַנפאלנ אינ סימבאָליק („װיפל מאָל האָט דיכ א האנט געשײַערט, ביסט אלצ נאָכ פול א גאנצ“). דאָס איז צוליב דעמ, װײַל די אלעגאָריע האָט דאָרטנ ניט געקענט האָבנ קיינ אָנשפּאר אינ רעאלנ לעבנ. דער „פײַערלעכער“, ראָמאנטיש־דערהויבענער טאָנ צומ קופּערנעמ קענדל, װענ אינדערעמעסנ װערט געמיינט דעמ „זיידנס יערושע“, די צוגעבונדנקײַט צו דער אלטער טראדיציע,—האָט געמוזט פארוואנדלט װערנ אינ א סימבאָליסטיש־מיסטישער הייליקײַט. אנדערש איז מיט די אלעגאָרישע פאראלגעמיינערונגענ, װעלכע מיר טרעפנ איצט בא אקסעלראָדנ. זיי שטאמענ פונ א ברייטערער לעבנס־דערפארונג, זיי זײַנענ איבערצײַגנדיק מיט זייער רעאליסטישנ עמעס. אינ זייער רעאלקײַט װערנ זיי צומאָל דערהויבנ צו א ס י מ ב אָ ל, אפילע דאָרטנ, וו דער דיכטער האָט עס ניט געהאט אינ זינענ (די ליד „אפ דער כוואליע“, וו די אלעגאָריזמענ בעטנ זיכ אליינ אָנ דעמ לייענער, ניט געקוקט אפ דעמ, וואָס די געשילדערטע סיטואציע איז אַנ אויסדריקלעכ־רעאליסטישע אינ אלע אירע דעטאלנ).

*

איכ הער שוינ דאָ די אומצופרידענע טײַנע פונ אייניקע קריטיקער, מיט אקסעלראָדס דיכטונג: עס איז קליינ־קונסט, וואָס פאר א טיפקײַט האָבנ זײַנע גדאנקענ, װעלכע גרויסע פראָבלעמעס רוקט ער ארויס א. א. וו. אינ די דאָזיקע טײַנעס

איז, לויט מײַן מיינונג, ניט גענומען אין אכט דער גאנצער שעפערישער וועג פון שרײַבער. ניט איבערשאצנדיק אקסעלראָדס דיכטערישע מעגלעכקײַטן, אָבער אויך ניט פארדעקנדיק זײַנע שוואכע זײַטן, דארפן מיר באשטימען זײַן אָרט אין דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג, אָנמערקן די פּערספעקטיוון פון זײַן וווּקס.

אָן צווייפל, אקסעלראָדס ליריק פארמאָגט ניט קיין גרויסע פּראָבלעמען. ער נעמט ניט, ווי מע זאָגט עס, דאָס לעבן בא די הערנער. זײַן דיכטונג איז פארבונדן מיט דער טאָג־טעגלעכקײַט, אין וועלכער ער האָט ביז איצט באזונדערס שטארק זיך צוגעקוקט צו די מאָמענטן פון אינטימקײַט, וואָס עס האָט געשאפן די סאָוועטישעווירקלעכקײַט. זי איז ניט קיין קליינבירגערלעך־באגרענעצטע, ניט קיין אינזיכיסטיש־פּאסיווע, ניט דאָס פוילע באזײַטיקן זיך פון לעבן, נאָר שטענדיק א דענקענדיקע, א שארפזיניקע, א קלוגע, מען קען זאָגן, אן ערנסטע אויך אין איר שפּאס און איראָניע (דערמאָנט זיך „שאָך", „מינסקער בעסלעך" א. אנד.). נאָכמער: ניטאָ בא אים קיין סכעמאטישע פאנאנדערטיילונג אף שפּיל און ערנסט, א צײַט אף פארנעמען זיך מיט פּאָליטיק און א צײַט אן אויסגעליידיקטע, א פּוסטע. די פּאָליטיק און די „הויכע געדאנקען" זײַנען ניט איזאָלירט פון דער טאָג־טעגלעכקײַט, זיי ווערן נאטירלעך ארײַנגעצויגן אויך אין דער אינטימער רו („פאר א רעגן", „רעמי" און אַנד.).

אקסעלראָדס ליד איז אין א גרויסער מאָס א רעאקציע קעגן דעם ניהיליזם, וואָס האָט בא אונדז א געוויסע צײַט געהערשט אין באצוג צום שטייגער, צום אינדיווידועלן לעבן פון מענטשן, צום אינטימען הומאָר. די אינטימקײַט איז פארשריגן געוואָרן אלס אינדיווידואליזם. עס איז פארזען געוואָרן, אז אין אונדזער סאָציאַליסטישן שטייגער טראָגט דאָס אינטימע לעבן אויך אן אנדער כאראקטער. אקסעלראָדס ליד איז צו דערזעלבער צײַט א גרונטלעכער קעגנזאץ צו דער לײַכטזיניקער ראָמאנסירונג, צו דער קליינבירגערלעך־אינטעליגענטישער שטימונגערײַ.

„פון אָנשטרענגונג גרויסער,
פון שטענדיקן וואכן.
לאָמיר א ביסעלע לאכן,
ווײַזן די ווײַסקײַט פון ציינער".

אזא איז דער דעוויז פון דיכטער. און עס איז ניט צופעליק וואָס בא אקסעלראָדן טרעפן מיר אזוי אָפט די מאָטיוון פון אָפּרו, קוראָרט־לידער, ליבע־לידער. אקסעלראָד קען ניט פארלײַדן אומזיסטע אָנגעצויגנקײַט. ער דערמאָנט דעם נאָך אלץ פארטראָגענעם קאָמאנדיר, וועלכער פאָרט אף קוראָרט:

„קאָמאנדיר, ניט האָט קיין פאריבל,
וואָס איך שטעל אײַך אָפּ אין מיטן וואגאָן:
טוט אויס, איך בעט אײַך, די שטיוול
און טוט גלײַך די באלעטקעס אָן!"

די דאָזיקע אינטימקײַט און אָפּרו מאכט ניט צעפלאָסן, זיי טויטן ניט אָפּ אין אונדז די פייִקײַט פון ווײַטערדיקער „אָנשטרענגונג גרויסער", פון „שטענדיקן וואכן". אקסעלראָד זעט, דערזעט, אזוי העל, אזוי סאָוועטיש קלאָר דעם איראָנישן „פלירט" פון אלט און נײַ אין אונדזער שטייגער, דעם אומקאָמפּראָמיסלעכן קעגנזאץ צווישן זיי. און נאָך

שארפער קלינגט, דעריבער, די איראָניע אינעם געמאכטנ פאפאָס פונ דער אויסגעצייכנט־שפּילעוודיקער ליד „אויב אײַך געפעלנ ניט די מינסקער געסלעכ".

„אָט די לעצטע פארבליבענע געסלעכ
מיט גאניקעס פונ גרויענ האָלצ.
אנטשולדיקט, כ'האָב נאָכ אײַך ניט פארגעסנ,
נאָר פארגעסנ קענ מענ אלעמאָל!.."

*

אקסעלראָד האָט אינ דעם ביכל „אונ ווידער לידער" א היפּש ביסל רעווידירט פונ זײַנע פריִערדיקע אידייִש־קינסטלערישע פּרינציפּנ. דאָס איז שוינ געזאָגט אינ דעם מאָטאָ צום ביכל: „לידער א בוכ איז אזוי ווי א בריק—שפּאנ אים אריבער אונ גיי ווײַטער דײַנ וועג זיכ". עס דערמאָנט זיכ דערבײַ זײַנ אמאָליקער אפאָריזם אפ דעמזעלביקנ מאָטיוו, אינ וועלכנ עס איז געווענ צוויי ווארינאטנ אונ ביידע האָבנ אויסגעדריקט אָפּהענטיקײַט פארנ שווערנ קאמפ קעגנ די טראדיציעס, וואָס ציִענ אפ צוריק. איינ ווארינאט האָט געזאָגט: „יוגנט מײַנע, יוגנט, ווילדער בריק, קענ איכ ניט פאָרויסגיינ, לאָז איכ זיכ צוריק". דער צווייטער האָט זיכ פארענדיקט:... „קענ איכ ניט פאָרויסגיינ כ'וויל ניט גיינ צוריק". ווי מיר זעענ, האָט זיכ איצט פארשטארקט אקסעלראָדס ווידערשטאנד־פעיִקײַט, ער איז גרייט צו שפּאנענ אלצ פאָרויס אונ פאָרויס. זײַנע נײַ־דערוואָרבענע דערפארונגענ האָט ליב אקסעלראָד אויסדריקנ אינ איבערפראזירונגענ פונ זײַנע אייגענע לידער („עס טוט מיר זייער וויי... פאר מײַנ ערשטנ שלעכטנ גאנג" („שאָכ"). „אונ פרעג ניט מער פארוואָס אונ ווי—ניטאָ אינ לעבנ קיינ רעמי..." („רעמי").

אמאָל האָט אקסעלראָד געוואָרפנ אפ כאריקס אדרעס: „האָסט גענוג געשריִענ, דארפסט שווײַגנ, זיצ אונ קוק אפ אָונטדיקער שײַנ". אקסעלראָד איז אזוי אײַנגעגלויבט געווענ אינ זײַנ „שטילנ גאנג", אז ער האָט זיכ באצויגנ סקעפּטיש צו יענע גרויסע לײַדנשאפטנ, וואָס ווערנ אויסגעדריקט אינ דער דיכטונג פונ גרויסנ פאפאָס. איצט גאנוועט זיכ צו אים אָפט ארײַנ א צווייפל—צי איז צו אלצ צוגעפּאסט די לירישע טעמפּעראטור פונ זײַנ ליד. אים ווילט זיכ אמאָל שטעלנ „אפנ גאָרגל" פונ זײַנ אייגענער ליד („אויב מע דארפ איז זיכ אליינ אויסגעפּײַפט, אינ דער אייגענער ליד זיכ פארצילנ"). ער כאפּט זיכ אמאָל, אז דאָס לעבנ איז פיל קאָמפּליצירטער ווי די ליד, וואָס רעדט וועגנ אים („זאָג מיר נאָר, צי דריקנ אויס די שורעס כאָטש א הונדערטכיילעק פינ מײַנ ערד"?). כאראקטעריסטיש, וואָס דער דיכטער דערפילט עס, ווענ ער באגעגנט זיכ מיט גרויסע פּאָליטישע געשעענישנ. ער דערפילט דאנ ווי עס פעלט אים קינסטלערישער אָטעמ אפ אויסצודריקנ זיי. ער איז געצוווּנגענ צו העכערנ די אקטאווע פונ זײַנ ליד:

„דו שטייסט אונ שרײַסט, דאכט זיכ, פונ דאנענ
אונ די ווערטער זײַנענ ווי־ניט פונ היי".

אקסעלראָד האָט אינ דער נײַער לידער־זאמלונג אייניקע אינטערעסאנטע לידער אפ פּאָליטישע טעמעס. ער האָט געפּרוּווט אינ זיי אָנווענדנ אמאָל די היינישע פּאָליטישע איראָניע („רויִק איז אינ ווינ") אונ אמאָל לירישנ פאפאָס („נאָיאבע־"). יעָנ: דער דיכטער איז אָבער „אויג אפ אויג" מיט זיכ, פילט ער, אז ער טאָר זיכ ניט זעלבסטבארויִקנ. ער

זוכט א סינטעז צווישנ „שובערטס ריטמישנ מארש״ אונ „דער ליד פונ אמורער פארטי־זאנער״.

דער דיכטער פילט איצט די נויטווענדיקײַט צו פארברייטערנ די ראמענ פונ זײַנ ליריק, אז זי זאָל פײַיק זײַנ ארומכאפנ דאָס גאנצע פילזײַטיקע אונ קאָמפליצירטע לעבנ פונ אונדזער עפאָכע.

*

אפנ וועג פונ דערגרייכנ די דאָזיקע פילזײַטיקײַט אונ קאָמפליצירטקײַט טרעפנ מיר בא אקסעלראָדנ אויכ אנדערע שטערונגענ. זײַנ דיכטערישער אנטוויקלונגס־וועג איז דורכגעגאנגענ אפ א באגרענעצטנ קרײַז פונ טעמאטיק. עס דראָט אימ איצטער ער זאָל ניט וועלנ פארוואנדלענ דעם באגרענעצטנ קרײַז פונ טעמאטיק אינ א קלוימערשט אייגנשאפטלעכער אימ לירישער טעמע. אזעלכע סיגנאלנ האָבנ מיר שוינ אינ דעם צו „לאנגנ אורלויב״, וואָס דער דיכטער האָט גענומענ פאר זײַנע לידער... די ליבע אונ קוראָרט־מאָטיוונ הויבנ זיכ שוינ אָנ איבערכאזערנ בא אימ.

מיר האָבנ געזענ, אז אקסעלראָד פארמאָגט די פײַיקײַט צו מאכנ אונדז נאָענט די ווירקלעכקײַט, אינטימיזירנ זי. פונ דער אנדער זײַט האָט ער ארויסבאוויזנ זײַנ קונסט צו ארײַנטראָגנ אינ רויִקע סיוזשעטנ א לײַדנשאפט. שלעכט איז אָבער ווענ די דאָזיקע אינטימקײַט ווערט א פאָנ, א פראָגראמ פונ לעבנ. ווענ אקסעלראָד זאָגט איצט:

„אונ אזוי אָ, ווי איר קוקט מיכ אָנ
צי ווענ איכ וויינ, צי ווענ איכ שמייכל,
וויל איכ הארצ מײַנס זאָל זײַנ די פאָנ
אי פונ מײַנ וואָרט, אי פונ מײַנ סייכל״

איז עס א שעדלעכער רעצידיוו פונ יענער לאנג שוינ דורכגעמאכטער אינדיווידואליסטישער „דיסקוסיע״ וועגנ „דיקטאטור״ פונ הארצ אָדער סייכל. אז אזא אנטאגאָניזמ עקזיסטירט ניט אינ דער סאָוועטישער ליריק (ווי אינ אונדזער ליטעראטור ביכלאל), האָט דער דיכטער אלײנ באוויזנ אינ זײַנע בעסטע לידער.

פאראנ בא אקסעלראָדנ א גאנצע ריי לידער, אינ וועלכע ער פרוווט זיכ מאכנ א סאַכאקל פונ זײַנ דורכגעמאכטנ דיכטערישנ וועג („אויג אפ אויג״, „מײַנ לעבנ״, „עפשער זינג איכ ניט—איכ שרײַ״). מיר מיינענ ניט, אז עס איז שוינ געקומענ די צײַט פאר אקסעלראָדנ צו מאכנ א קינסטלערישנ באלאנס. ניט געקוקט אפ זײַנ פארהעלטנסמעסיק גרויסנ פעריאָד פונ שאפנ האָט ער נאָכ ווייניק געגעבנ אונ איז נאָכ פונ אלע שטאנדפונקטנ יונג. נאָר אויב דידאָזיקע סאכאקלענ העלפנ אימ מיט באפרײַענ זיכ פונ ניט נויטיקע באלאסטנ, באוואָפענענ פאר נײַע קינסטלערישע אופגאבנ, דארפ מענ אימ ווינטשנ מיט זײַנע ווערטער:
דײַנ וואָרט פאָרויס, אָבער באוועגנ מוזטו.

ריווקע רובינ

# אַנשל דער זאַליאַזניק

(וועגנ פ. מאַרקישעס „דעמ באַלעגופּס טויט“, פאַרלאַג „עמעס“, 1935).

אַנשל דער זאַליאַזניק איז אַ געוועזענער קרעמער, אַ שטעטלדיקער גוויר, אַ שיינער ייִד אינ שול אונ אינ באָד, וועלכער האָט אַראַנק דער ראַטנמאַכט פאַרלאָרנ זײַנ רומ אונ זײַנ רײַכקײַט אונ איז קוימ בעשאָלעמ דורכגעקראָכנ אינ אַ קאָלווירט, ווו ער פאַרענדיקט שוינ זײַנ לעבנס־וועג, אַלס אַ קאָניוכ. דאַכט זיכ, אַ גאַנצ פּאָשעטע אונ אַפילע באַנאַלע געשיכטע.

דערפירנ אָבער דעמ דאָזיקנ איינצל־פאַקט צו אַ גרויסער פאַראַלגעמיינערונג, פאַרוואַנדלענ אַנשלענ אינ אַ מאָנומענט, וואָס פאַרמאָגט אַ באַשטימטע עפּאָכיאַלע באַדײַטונג — דאָס שטעלט מיט זיכ פאָר אַ שווערע אונ גרויסע קינסטלערישע אויפגאַבע.

אַנשל איז בײַ מאַרקישנ געשילדערט מיט אַ גרויסנ טראָפּ אויפ ביאָלאָגיע. ס'איז אַ מעגושעמדיקער פאַרגרעבטער מענטש, וואָס האָט אינ דער ערשטער ריי זייער ליב גוט אַרײַנצופּרעסנ. איז דאָכ דאָס, דאַכט זיכ, אַ געפּאַר... סטײַטש, ביאָלאָגיזמ...

אינ דעמ גייט דאָס טאַקע, וואָס מאַרקישנ האָט זיכ אײַנגעגעבנ דורכ דער ביאָלאָגיזאַציע פונ דעמ העלד, אַמשאַרפסטנ צו אַנטקרויענ אימ סאָציאַל. די אויטרירטע ביאָלאָגישקײַט פונ אַנשלס כאַראַקטער אונ אויפירונג, די אַבסאָליוטע אָפּוועזנהײַט פונ אינטעלעקט איז איינער פונ די גרונט־עלעמענטנ פונ זײַנ *סאָציאַלנ כאַראַקטער*. ניט געקוקט אויפ זײַנ ביאָלאָגישקײַט אונ פּרימיטיווקײַט, איז דאָכ אַנשל אַ ברייט פאַנאַנדערגעוויקלטע פּסיכאָלאָגישע געשטאַלט.

אַלע טאַטנ, „געפילנ אונ געדאַנקענ“ פונ אַנשל דעמ זאַליאַזניק זײַנענ גרופּירט אַרומ איינ גרונט־לײַדנשאַפט פונ וועלכער זיי שטאַמענ אונ צו וועלכער זיי ציִענ זיכ אַלע — *אייגנטומ*. דער אייגנטומ־געפיל קענ אָבער אויכ פּאָ־מאָגנ פאַרשיידענע ניואַנסנ. אַנ אָרעמער פויער, וואָס איז צוגעבונדנ מיט בלוט אונ פליישצו זײַנ קאָרגנ שטיקל ערד, צו זײַנ בידנער כודאָבע אונ שיידט זיכ מיט דעמ מיט גרויס ווייטעק בײַמ אַרײַנטרעטנ אינ קאָלווירט איז אויכ אַנ אייגנטימער, אָבער ווי מיר זאָלנ זיכ ניט באַציִענ נעגאַטיוו צו דעמ דאָזיקנ געפיל זײַנעמ, פאַרשטייענ מיר דאָכ, אַז זײַנ אייגנטומ איז אָנגעזאָפּט מיט שווייס אונ בלוט, אַז ער האָט אינ דעמ אַרײַנגעלייגט ניט ווייניק מי; אַנשלס אייגנטומ־געפיל איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרנ אויפ אַ *ריינ פּאַראַזיטישנ באָדנ*. אָט דער פּאַראַזיטישער אייגנטומ־געפיל איז די אַקס, אַרומ וועלכער עס דרייט זיכ די אַנשל־געשטאַלט.

די דאָזיקע לײַדנשאפט איז ניט סטאם א מענטשלעכע שוואכקײַט, א ריינ פסיכאָלאָגי־שער מאָמענט, זי איז אויכ ניט קיינ אבסטראקטע סאָציִאַלע פאָרמול, ניינ, די דאָזיקע לײַדנשאפט וואקסט ארויס פונ א באשטימטער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, זי איז ענג פארבונדנ מיט א קאָנקרעטנ לעבנשטייגער.

„אונ ס׳מאזל איז געגאנ אפ זײַנע אײַזערנע באפעלנ
פונ דערפלעכ ווײַטינקע,
פונ כוטערלעכ אונ וועלדער,
נאָכ שנײַד־מעסערס,
נאָכ צוועקעס
אונ נאָכ שלעסער...״

אָט אָ דער „מאזל״, וואָס קומט פונ עקספלואטאציע, פונ פרעמדע מי אונ האָרעוואניע שאפט עס דעמ טיפ פונעמ פאראזיטישנ מענטשנ, אונ מארקיש ווײַזט ארויס די גרעסטע מײַסטערשאפט באמ שילדערנ דעמ דאָזיקנ מענטשנ אינ פארשיידענע סיטואציעס מיט א באַשטימטנ פסיכאָלאָגישנ אָנוווקס.

וויִאזוי־זשע קומט פאָר דער דאָזיקער אָנוווקס אונ וויִאזוי באוועגט זיכ דער הויפּט־העלד אינעמ סיוזשעט?

אינ אונדזער פאָעזיע זײַנענ פאר די לעצטע יאָרנ געמאכט געוואָרנ א גאנצע ריי פרווונ צו שאפנ א סיוזשעטישע פאָעמע, א ברייטערנ עפישנ לײַוונט מיט א קאָמפליציר־טער, פסיכאָלאָגיש אינדיווידואליזירטער געשטאלטנ־סיסטעמ. די זעלבע פראָבלעמ שטייט, אייגנטלעכ, אויכ אינ דער פראָזע, אָבער דאָרט ווערט זי אסאכ לײַכטער געלייזט, אינ דער צײַט ווענ אינ דער פאָעזיע מוז דערבײַ פארהיט ווערנ א באשטימטע ספעציפיק.

די פאָעמע „דעמ באלעגופס טויט״ פארמאָגט ניט קיינ פארוויקלטע אינטריגע, קיינ גרויסע שפאנונג, זי פארמאָגט אָבער א שלאנקנ אונ ניט קיינ סטאנדארטנ סיוזשעט.

מארקיש האָט דאָ געמאכט א פרווו צו שאפנ א סיוזשעטישע פאָעמע בלויז אפ א י י נ ג ע ש ט א ל ט אינ איר אינערלעכער אנטוויקלונג.

בא אזא אויסשטעלנ נאָר איינ געשטאלט איז שוינ אומעגלעכ צו בויענ א סיוזשעט מיט א קאָמפליצירטער אינטריגע, מיט פארוויקלטע מענטשלעכע צווישנבאציִונגענ. באוועגט זיכ טאקע בא מארקישנ דער סיוזשעט בלויז דורכ דעמ, וואָס דער העלד פאלט ארײַנ אינ פארשיידענע סיטואציעס (די סיטואציעס זײַנענ ניט קיינ קאָמפליצירטע, זיי זײַנענ זייער פאָשעט אונ קלאָר אָנגעצייכנט, ווי באשטימטע ע ט א פ נ אינ אנשלס לעבנ), אונ דורכ דעמ אומדרייענ דעמ העלד מיטנ פאָנעמ צו פארשיידענע דערשײַנונגענ (שטייגער־מאָמענטנ, נאטור) אונ צווינגענ אימ דערבײַ צו אנטבלויזנ זײַנ באציִונג צו זיי.

אנשל איז אינ דער פאָעמע איינער אליינ אונ זײַנ אליינ זײַנ באקומט בא מארקישנ א גרויסע קינסטלערישע בארעכטיקונג, ווײַל אנשל דאָס איז דער לעצטער פארבליבענער פאראזיט, וועלכער איז פארווּרטײַלט אינ אונדזער לאנד אפ סאָציִאַלנ עלנט. דער געפיל פונ עלנט אונ טעמפנ אומעט איז דער לײַטמאָטיוו, וואָס באגלייט אנשלענ איבערנ גאנצנ בוכ:

„אנ אוראלטער איז ער—דער אומעט אפנ סטעפ,
ווי מוטנער ווײַנ איז אפנ כטעפ דער אומעט;
ער גיט א טשמעל אזא איבער די קעפ
אונ לייגט צופוסנס זיכ אוועק—אליינ א שטומער״.

מיט דער סטראָפע הייבט זיכ אָנ דער בוכ אונ ווײַטער ווערט זי פארוואנדלט מיט פארשיידענע קליינע וואריִאנטנ אינ אנ אקאָמפאָניִמענט צו דער גאנצער פאָעמע, וואָס שטרײַכט אונטער נאָכ אמאָלֿ אונ נאָכ אמאָלֿ דעמ הויפט־מאָמענט פונ אנשלס איצטערדיקנ געמיט־צושטאנד—זײַנ פריטשמעלעטקײַט. עס האָט אימ שוינ אזא זעצ געטאָנ איבערנ קאָפ, אז ער ווייס אימ שוינ געוויס קיינמאָלֿ ניט קענענ אופהויבנ. אונ דערפאר איז אימ ענג אינ דעמ צו גרויסנ דרויסנ פונ סטעפ, ס'איז אימ ענג פונ די פורנ „אָנגעשטאָפט מיט אויבסטנ", פונעס רײַכנ פערדנ־שטאל, וואָס געהערט ניט אימ, אנשלענ, נאָר דעמ קאָלֿווירט.

אנשלֿ קענ זיכ מיט גאָרניט ניט קעגנשטעלנ דער ענגשאפט אונ דעמ אומעט. ער איז אינגאנצנ הילפלאָז קעגנ דער נײַער געזעלשאפטלעכער סיסטעמ, וואָס האָט זיכ אפ אימ ארופגעוואָרפנ מיט דער גאנצער קראפט „אימ צו פארלענדנ".

דער זעלבער מאָטיוו—„אנ אוראלטער איז ער—דער אומעט אפנ סטעפ" דינט מארקישנ אויכ פאר א קאָמפאָזיציאָנעלנ מיטלֿ. אנשלֿ אנטפלעקט זיכ דאָכ מיט דער גאנצער פלאסטישקײַט פארנ לייענער, דעריקער, דורכ זײַנע זיכרוינעס. אפ דעמ איבערפלעכט פונ קעגנוואַרט אונ דערמאָנונגענ האלט זיכ, אייגנטלעכ, דער סיוזשעט פונ דער פאָעמע.

געלונגענ איז דער דאָזיקער איבערפלעכט דערפאר, ווײַלֿ ער איז אָרגאניזירט ארומ א באשטימטער אידייע, ווײַלֿ ער איז צילגעווענדט.

וואָס פארמאָגט אנשלֿ אינ דער קעגנוואַרט?—זײַנ אומעט אונ זײַנ האס. ניטאָ שוינ די פעטע פרײַטיקס, דער שאבעסדיקער רעטעכ אונ דעריקער די זאליאזנע קראָמ. הײַנט ווי דערמאָנט מענ זיכ ניט וועגנ דעמ וואָס עס איז אמאָלֿ געווענ אונ ס'איז הײַנט ניטאָ? די דערמאָנונגענ ווערנ מײַסטערהאפט צונויפגעקניפט מיט דער קעגנוואַרט. מיט אנשלס אלגעמיינער פריטשמעלעטקײַט אונ מיט דער אנטיטעזע צו אנשלס צושטאנד—די קאָלווירטישע פורנ „אָנגעשטאָפט מיט אויבסטנ".

צוליב דער געניטער פארקניפטקײַט אונ צילגעווענדטקײַט פונעמ סיוזשעט, קימערט אונדז אבסאָליוט ניט דאָס, וואָס די פאבולע וויקלט זיכ פאנאנדער ניט בעהאדראָגעדיק. די פאָעמע הייבט זיכ פאקטיש אָנ פונ סאמע מיטנ—וויִאזוי אנשלֿ פאָרט אפ ערד, דערנאָכ דערוויסנ מיר זיכ וויִאזוי ער האָט געלעבט פאר דער רעוואָליוציע, דערנאָכ ווידער וועגנ קאָלווירט אונ ווידעראמאָלֿ וועגנ אמאָלֿ א.א.וו.

די דאָזיקע ניט בעהאדראָגעדיקײַט איז ענג פארבונדנ מיטנ מעטאָד פונ זיכרוינעס אונ ביידע מאָמענטנ זײַנענ צילגעווענדט, זיי דרינגענ ארויס פונ אנשלס אײַנזאמקײַט אינעמ איצט.

דער רעפרענ „אנ אוראלטער איז ער—דער אומעט אפנ סטעפ" דינט פאר א לירישנ אקאָמפאָנימענט, וואָס בינדט קאָמפאָזיציאָנעלֿ צונויפ די צוויי גרונט־מאָטיוונ פונ דער פאָעמע—דעמ אמאָלֿ אונ הײַנט.

עס איז אָבער פאראנ נאָכ אנ אינטערעסאנטער מאָמענט, וועלכער וועט מיסטאָמע ארויסרופנ באשטימטע דערווידערונגענ—דאָס איז די אָפוועזנהײַט אינ דער פאָעמע פונ א גענויער, פאנאנדערגעוויקלטער שילדערונג פונעמ קאָלווירט. ארויסרוקנ אָבער אזא דערווידערונג איז אלצײַנס ווי פאָרלייגנ מארקישנ אָנשרײַבנ א נײַע פאָעמע אנשטאָט „דעמ באלעגופס טויט". עס איז, פארשטייט זיכ, מעגלעכ א פאָעמע, וואָס זאָלֿ שילדערנ

א קאָמפּליצירטערן קלאַסן־איבערפלעכט. די דאָזיקע קאָמפּליצירטקײט דאַרף אָבער אָרגאַניש אַרױסדרינגען פון די קינסטלערישע צילן, װאָס עס שטעלט פאַר זיך דער שרײַבער.

מאַרקישעס גאַנצע קינסטלערישע אָנשטרענגונג איז אין דער פּאָעמע געװענדט אין אײן ציל—שילדערן דעם אונטערגאַנג פון א סאָציאַלן פּאַראַזיט, און אַלדאָס איבעריקע דינט בא אים נאָר פאַר א מאָלערישן פאָן אַפ אונטערצושטרײַכן די גרונט־שטריכן פון זײַן הױפּט־העלד. דעריבער איז דער קאָלוירט אין דער פּאָעמע שטײַגערלאָז, ער איז אױסגעדריקט בלױז דורך א פּאַראַלגעמײנערטן באַדינגלעכן צײכן. דער דאָזיקער צײכן איז—פּרוכטבאַרקײַט.

די גרױסע סטעפּ־ראַכװעסן, װאָס האַלטן אַנשלען אין קלעם פון אומעט און פאַרורטײלטקײַט פאַרבאָרגן אין זיך אַן אומױסשעפּלעכע פרײד פון פּרוכטבאַרקײַט און פון א באַזיניקטן לעבן בא די פּויערים מיט רױטע פאָנען. דער האַרבסט איז פאַר זײ שױן גאָרניט קײן צײַט פון אומעטיקן װעלקן. ניט אומזיסט באַנוצט מאַרקיש אָפּט דעם עפּיטעט „זיסער װעלק".

„געװען איז האַרבסט אין סאַמע אָנהױב,
די היץ איז אָפּגעפאַלן פון דער גאַס,
געפירט האָבן די פּויערט ברױט מיט רױטע פאָנען,
א יעדע פור—א װינט, א יעדער װינט—א גאַסט;
געגאַנגען זײַנען פורן אָנגעשטאָפּט מיט אויבסט,
מיט קאַװענעס מיט מעכטיקע, מיט גרױסע פּאָמידאָרן,—
און סטעפּ—איז ברײט, און סטעפּ—איז גרױס,
און פערד, װי רעגנבױגנס פאָרן..."

איז דאָך ניט צופעליק, װאָס באַם צוזען דעם דאָזיקן מעכטיקן בילד האָט אַנשלען, „אין האַרץ דערלאַנגט דער לעצטער צוק"... עס האָט אים ענדגילטיק דערשלאָגן.

די זיך איבערכאַזערנדיקע מאָטיװן פון „דעם אומעט אַפן סטעפּ" און דעם „האַרבסט אין סאַמע אָנהײב", װי א צוזאַמענשטױס פון צװײ קעגנזעצלעכע באַציִונגען צו דעם אַרום, בילדן אױס דעם פאָן אַפ װעלכן עס װיקלט זיך פאַנאַנדער אַנשלס לעבנס געשיכטע דורך זײַנע זיכרױנעס און דורך זײַנע איבערלעבונגען און טעטיקײַט אין דער קעגנװאַרט.

די אַלע ערטער פון דער פּאָעמע, װו עס װערט געשילדערט אַנשל דער זאַליאַזניק ביז דער רעװאָליוציע פאַרמאָגן ניט קײן אָנװאַקסנדיקע ליניע ניט אין סיוזשעטישן זין און ניט אין זין פון אַנטװיקלונג פון כאַראַקטער. דאָ װערט דורכגעפירט א האָריזאָנטאַלע ליניע. אַנשל געפינט זיך די גאַנצע צײַט אַפ אײן ניװאָ. ער װערט נאָר אומגעדרײט מיטן פּאָנעם צו פאַרשײדנאַרטיקע עלעמענטן פון זײַן שטײגער און אומעטום װערט דערבײַ אַנטבלױזט זײַן ברוטאַלער פּאַראַזיטישער פּאַרצעף. די גאַנצע װעלט געהערט דאַן אַנשלען: די באָד, די בעהײמע, די װײַב, דאָס גאַנצע שטעטל און אפילו גאָט אַלײן אױך. אַנשל איז זאַט און באַרויִקט און עס קען זיך דוכטן, אַז קײנמאָל װעט שױן ניט קומען קײן סאָף צו דער דאָזיקער טעמפּער עקלהאַפטיקער רויִקײַט. אײביק װעט שױן אַנשל פרעסן דעם שאַבעסדיקן רעטעך מיט שמאַלץ. פאַרנעמען אײנער אַלײן אַלע דרײַ בענק אין באָד, פירן די בעהײמע זיך פאָרן, פּראָװען גױיִרישע כאַסענעס און קריגן זיך מיט זלאַטען... יאָ, עס קען זיך דוכטן, װען... מיר זאָלן ניט זען דעם אומעט און עלנט, װאָס עס לױערט אַפ דעם איצטערדיקן אַנשל, װען זײַן גאַנצע זאַטע רו זאָל ניט

זײַן אין דער פאַרגאַנגענהײַט, װען זי זאָל ניט באַװיזן װערן אין אַספּעקט פון זיכרױ־נעס און פון זיך אַרײַנרײַסנדיקער קעגנװאָרט.

ערשט נאָך דעם, װי אנשל פאַרלאָזט זײַן קראַם און עס װערט ענדגילטיק צעשטערט זײַן זשאַװערדיקע רו, הײבט אָן צו שטײַגן די סיוזשעטישע און פּסיכאָלאָגישע ליניע. דער פּאַראַזיטישער אײגנטום־געפיל אַנטפּלעקט זיך אין אַ נײַער קװאַליטעט, װײַל מע האָט זיך אָפּ אים אָנגעװאָרפן „צו פאַרלענדן".

און דאָ הײבן זיך אָן צו מערקן אין אנשלען טראַגישע שטריכן. צי איז ניט טראַגיש אַ מענטש, װאָס „עפּעס שמעקט ער אָן אַרום זיך אומגליק..." צי זײַנען דען ניט טראַגיש די מאָמענטן, װען אנשל האָט דורך די שפּאַרונעס אַלעמאָל:

„געװאָלט דערזען זײַנע געפּלעקטע צװײ קאָבילעס,
װאָס פרעסן איצטער פון אַ פרעמדן זשאָלוב,
װאָס האַלדזן איצטער זיך מיט פרעמדע פערד,
װאָס דרײען זיך װי פרעמדע איצטער פון זײַן קאָל אָפּ,
און הירזשען שױן בײַ אים אין שטאַל ניט מער..."

און צי איז ענדלעך ניט טראַגיש זײַן אומגעלומפּערטער טױט?

אין דער שילדערונג פון אנשלס טראַגיזם בלײַבט מאַרקיש טרײַ זײַן אײגענעם פאַר־טראַכט און זעצט פאָר די ליניע פון אונטערשטרײַכן אין אים דאָס ביאָלאָגישע. אנשלס טראַגיזם איז דער טראַגיזם פון אַ פּאַריאָנטער כײַע.

דער פּאַראַזיט, װאָס האָט רױק געזױגן דעם מאַרך פון די בײנער פון הונדערטער האָרעפּאַשניקעס, האָט פאַרלאָרן זײַן רו. איז ער געװאָרן אָנגעשטרענגט־דערשראָקן:

„און אַלע מאָל האָט אנשל אױסגעדרײט דעם קאָפּ צוריק,
װי אַ בוהײַ, װען מע פאַרפירט אים צו דעם שעכט־הױז.
איז ער געגאַנגען און „צו יעדן שאָרך ז׳געװען זײַן אױער װאַך".

איז דערװײַל אנשל דערשראָקן, דערשלאָגן און פּאַסיװ. עס דאָמינירט דערװײַל דער געפיל, אַז ס׳איז אים שלעכט:

„ער װאָלט דעם צונג אַרױסגעשלעפּט זיך פונעם מױל,
די צײן פון קריצן װאָלט ער זיך צעבראָכן,
און אױפגעהױבן װאָלט ער אַ געהױל
און אױפגעהױבן װאָלט ער אַ געכאָרכל:
װאָס װיל פון אים דער אומעט און דער װינט?.."

אָט דאָ גליטשט זיך מאַרקיש אָפּ ראַנד פון אַ געפאַר, פון װעקן אַבסטראַקט הומאַ־ניטאַרן מיטגעפיל צו אנשל דעם זאַליאַזניק. װער עס װיל אָבער שאַפן ניט קײן צוקער־לעקעכלעך, נאָר אַ ליטעראַטור פון עכטע מענטשלעכע לײַדנשאַפטן, דאַרף זיך ניט שרעקן פאַר געפאַרן.

אנשל דער זאַליאַזניק איז ניט געשילדערט געװאָרן, װי אַ שעדיקער אין אײגנטלעכן זין פון װאָרט, ער טראָגט זיך ניט אַרום מיט קײן גרױזאַמע פּלענער, ער קלײַבט זיך ניט אונטערצוצינדן די טװעס, ער גרײט אױך ניט קײן מאָרד. פאַרקערט, ער איז גאָר אַ גרױסער פּאַכדן. ער האָט מורא, װי געזאָגט, פאַר יעדן שאָרך. דאָס זײַנען די אינדי־

ווידועלע שטריכנ פונ זײַנ כאראקטער. אָט אזוי האָט ער, אנשל, אײנער פונ טויזנ־טער פריטשמעליעטע באלעגופים, איבערגעלעבט אפ אנ אײגנאר־טיקנ אינדיווידועלנ אויפנ זײַנ סאָציִאלנ בראָכ.

אנשל שטעלט מיט זיכ פאָר ניט נאָר אנ אלגעמײנע פאָרמול פונ א באלעגופ אינ די באדינגונגענ פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור, נאָר א לעבעדיקנ באלעגופ, מיט בלוט אונ פלײש אונ פונ דעמ געווינט נאָר די אלגעמײנע סאָציִאלע פאָרמול.

ס'איז ניטאָ דער עמפירישער פאקט, אז אנשל איז א שעדיקער. ער איז אָבער אויכ ניט קײנ לעמעשקע. זײַנ דערשלאָגנקײַט אונ אומעט טראָגט אינ זיכ געפאר.

„אנשל האָט זיכ אָנגעשטאָפּט מיט סינע ווי מיט כרײנ...
אונ איבער אָט דער ברײט אונ איבער אָט דער גרײס
זעט אנשל ווי א לויפנדיקע קלאָלע אויס
מיט אויגנ אויסגעשטשירעטע, ווי מעסערס...“

דורכ אזעלכע באזונדערע ערטער הײבנ מיר אָנ צו פילנ אינ אנשלענ א פּאָטענ־ציִעלנ פארברעכער אונ צוזאמענ מיט דעמ וואקסט אינ אונדז די איבערצײַגונג, אז אויב אנשל וועט שוינ יאָ שעדיקנ, וועט ער עס טאָנ אפנ סאמע מיִעסנ, עקלהאפטנ, פארדאָרבענעמ אויפנ.

צו דעמ גרעסטנ פאטאָס פונ פּאָטענציִעלער אונ טאקע סאמע עקלהאפטער פארברעכע־רישקײַט דערגײט אנשל צומ סאָפ פונעמ בוכ, באמ אינצידענט מיט דער נעווײלע. אונ דאָ האָבנ מיר ווידעראמאָל א גלענצנד אויסגעדריקטע אײנהײַט פונעמ אינדיווידועלנ אונ אלגעמײנעמ. פונ אײנ זײַט, איז אנשלס בארויבנ די נעווײלע אנ אויסדרוק פונ פערזענ־לעכער גײַציקײַט. אויב עס גײענ שלעכט די געשעפטנ איז א פונט שטשעטינעס אויכ עפּעס ווערט. פונ דער צווײטער זײַט אָבער איז דער דאַזיקער טאט אנ אקט פונ באזוי־ניקטער קלאסנ־נעקאָמע. אנשל טרוימט מיט פארביסנקײַט וועגנ דעמ, וויִאזוי אלע קאָל־ווירטישע פערד וועלנ אויסשטארבנ פונ סאפּ אונ ער:

„אנשל וועט זײ פירנ אָט אהער
אונ אלע טאָג—א פערד
אונ צוואנציק! פופציק! אלע!
אונ אָנוואלגערנ ס'וועט זײ דאָ—א גאנצער סטאָס,
אונ אנשל איז אלײנ דאָ באלעבאָס!“

ס'ארא פארביסענע סינע עס קלינגט אינ די דאָזיקע שורעכ.

אונ דאָ הײבט אָנ אויסצורינענ צווישנ די פינגער אנשלס טראגישקײַט. ס'איז אימ שלעכט, ער גײט אונטער? נו, איז גוט... זאָל אימ שלעכט זײַנ, זאָל ער אונטערגײנ. וואָס פאר א מיטגעפיל קענ שוינ בא אונדז באגעגענענ א מענטש, וואָס זײַנ גאנצע טראגעדיע באשטײט אינ דעמ, וואָס „ער ווײסט ניט גאָרניט וואָס איז זײַנס“.

ווי־זשע קענ געלײזט ווערנ אנשלס טראגעדיע?

וואָס פארלאנגט דענ אונ וועגנ וואָס טרוימט אנשל אלײנ?

„איז ווו זשע זײַנענ זײ די פעטע זונטיקס?
די ביר־באשמעקטע קוטעסנ די רויטע?
ער וואָלט אימ מיט די הענט געטאפּט
דעמ צוגעברוינטנ פרײַטיק,
ווי טאפנ פלעג ער אינ א גליקלעכנ יאריד
דעמ אָנגעשמעלצטנ טײַסטער...“

הייסט עס, אז אנשלס אומעט און עלנט קאָן צעשטערט ווערן נאָר דאן, ווען ער וועט צוריק אופגעלעבט ווערן, ווי א פאראזיט. זײַנע אלע איבערלעבונגען און לײַדן זײַנען אויסשליסלעך נישטיק.

אפ צו שילדערן אנשלס נישטיקע טראגישקײַט, די טראגעדיע פון א צעקוועטשטן ווֹאָרים, נוצט אויס מארקיש א שלאך קינסטלערישע מיטלען.

פון איין זײַט שיט ער ארויס מיט א ברייטער האנט גלענצנדיקע באשרײַבונגען פון נעם שטעטלדיקן גווירישן שטייגער און דאָ הייבט ער בעעמעס אופ א גאנצן עפּאָכיאלן מאסיוו—די קלייט, די שול, די באָד, די גווירישע כאסענע:

„די וועטשערע ז'געגאנגען ווי א האנט־געשלעגערײַ
געפיקעט האָבן גאָפלען און געריכטן מ'האָט געשלעפּט
און אלע מאָל ט'אַן אנדערער קאָמאנדעוועט:—לעכאִים!
און געענטפערט האָבן אלע מיט א דונערדיקן גרעפּצ!
געטרישטשעט האָבן ביינער זאפטיק פון געבראָטנס
פון קוקן בלויז אליין זײַנען די טעלער ניט געבליבן,—
און סימכעס האָבן מעכטיק זיך געווינטשט די באלעבאטים
בא טעכטער און בא זין און נאָך בא אלע ליבע.
און רויטע האלדז־ און נאקנס, צעפּארעטע פון שוויס
און אָנגעוויגטע בערד און אויגן—אויסגעלופעט
— אהער די מעכוטענעסטע!—געשריגן האָבן הייס;
— אינגיכן בא דעם פכאָר אימירטשעם אפ דער כופּע!"

דעם דאָזיקן מעכטיקן בילד רײַסט אופ אזא כיטרעטשקע, מיט א פּאָשעטער רייד־שפּראך, אָט פונקט טאקע ווי פון א סארווערן דערציילטער, מאָמענט:

„און סארווערנס האָבן געשאָלטן אין דער קיך,
און אָרעמע־לײַט האָבן געשאָלטן אפ דער גאס,
און בא דער ערד א קלאָלע אויסגעבעטן האָט דער באס..."

דער דיכטער אנטקרוינט זײַן העלד דורך די דאָזיקע שטייגער־באשרײַבונגען, דורך זײַנע באציִונגען צו זײַן פרוי, דורך זײַן ארט ריידן, דורך זײַן זשעסט. א לעבעדיקע, א זאפטיקע רייד־שפּראך, א לעבעדיקער, איבערצײַגנדיקער זשעסט. ס'איז דורכויס שיל־דערונג, געמעל:

„ס'איז עפּעס פריקרע אים געווען
א זאסטעפּ האלטן גלאט זיך
ניט אויסקלינגען דעם מעקעך מיט די הענט..."

די זשעסטן פון „אויסקלינגען דעם מעקעך מיט די הענט" פון וועלן צוגיין און א טאפּ טאָן אין וואָגן אאוו. דריקן דאָ גלענצנד אויס אנשלס פאראזיטיזם.

פאר אזא מענטש האָט דער זאסטעפּ פארלאָרן זײַן דירעקטע אָנווענדונג, ווי אן ארבעט־געצײַג. בא אים איז דאָס נאָר אן אינסטרומענט אפ צו מאכן געלט.

דער געפיל פון עלנט ווערט אויך אויסגעדריקט בא אנשלען מיט א כאראקטעריסטיש פאר אים זשעסט:

„נאָר אנשל דעם זאליאזניק ווילט זיך אין א פענצטער ערגעץ ווו

ארײַנשטעקנ דאָס פאָנעם,

נאָר אנשל דעמ זאליאזניק ווילט זיכ ערגעצ גיינ.

אונ ערגעצ זײַנ א גאסט...

ס'ארא טיפּיש קליינשטעטלדיקער זשעסט עס איז דאָס ארײַנשטעקנ דעמ פאָנעמ אינ א פענצטער. דורכ דעמ איינ בילד ווערט ווידעראמאָל אופגעהויבנ פאר אונדזערע אויגנ א גאנצער שטייגער־מאסיוו.

אינ אָנהויב פונעמ ארטיקל האָבנ מיר אָנגעוויזנ, אז אנשלס גרונט־ליידנשאפט איז דער פאראזיטישער אייגנטומ־געפיל. דער דאָזיקער געפיל, ווערט אויסגעדריקט קוידעמקאָל אינ זײַנ לעבנס־באשרײַבונג, אינ זײַנע טאטנ, געדאנקענ, וואָרט זשעסט. נאָר ענדגילטיק אנטקרוינט אונ דערשלאָגנ האָט מארקיש אנשלענ מיט אנ אומדערווארטנ גלענצנדיקנ קינסטלערישנ מיטל. מארקיש נעמט אָט דעמ נישטיקנ סוסליק, אנשלענ, אונ שטעלט אימ אוועק פאָנעמ על פאָנעמ מיט די צוויי גרעסטע אונ וויכטיקסטע נאטור־דערשײַנונגענ.— עבורט אונ טויט. אונ דאָ אנטפּלעקט זיכ אנשל מיט דער גאנצער מעגלעכער שארפקײַט.

ג ע ב ו ר ט:

„ווי א צעהיצטע ראָשטשענע געפיבערט האָט די מוטער

ארײַנגעגראָבנ מיט דער מאָרדע נ'שטרוי,

וואָס האָט געשוויצט מיט כאזערשווייס, פארבלוטיקט,

מיט אינגעווייט אונ פלייש אונ רויכ—

עס האָט איר אלע אנגלענ אָנגעשטײַפט ווי בויגנס

ביז אופּפלאצונג ביז אופרײַס אונ צעריס".

די שילדערונג פונעמ געבורט פונ די כאזיירימלעכ איז עפּשער דער שטארקסטער אָרט פונ דער פּאָעמע. דער געבורט־אקט איז געשילדערט געוואָרנ מיט א גרויסער מענטש־לעכער זויבערקײַט. די דאָזיקע נאטירלעכע דערשײַנונג איז דערהויבנ געוואָרנ צו א גרויסנ קינסטלערישנ צייכנ. דער דיכטער האָט ווי אומיסטנ מאקסימאל אָנגעשטרענגט זײַנע קינסט־לערישע מעגלעכקײַטנ אפּ צו דערהויבנ די דאָזיקע נאטור־דערשײַנונג צו ווײַזנ זי אינ איר גאנצער פילאָזאָפישער גרויס, קעדיי עס זאָל בולטער ארויסטרעטנ אנשלס קליינלעכער כעזשבנ, וואָס ער האָט געמאכט גלײַכ אפּ אנ אָרט מיט זײַנ פארזשאווערט קאָל:

— ס'איז זיבנ שטיק. אונ ס'איז פונ פעטנ ייכעס

ס'איז אינ א יאָר ארומ—א גרוב מיט גאָלד...

כעזשבנ, כעזשבנ אפּנ ערשטנ אָרט—דאָס איז אנשלס נאטור. ער באציט זיכ צו דער כאזערטע מיטנ זעלבנ אומצוטרוי, ווי צו א קוינע אינ זײַנ זאליאזנער קלייט. עפּשער נארט זי אימ אָפּ, עפּשער גיט זי אימ ניט אלצ, וואָס זי קאָנ?...

— זאָג נאָר, מער ווי זיבנ קאָנ ניט אויסקינדלענ קיינ דאָוועראכער? אנשל איז דאָ גרייט צו באראבעווענ אפילע די נאטור.

ט וי ט:

„א טויבער כריפּ.

שוינ אפּ איר האלדז אוועקגעלייגט זיכ עמעצ האָט דאָרט

זי הייבט נאָר אופּ די ליפּ,

ווי זי וואָלט זיך געוואָרגן מיט דער בלאָטע...
איין אויג—מיט גראָז און קויט פאַרלאַטעט איז שוין
און צוגעקוועטשט צום דנאָ פון פּייַכטן ריוו,
דאָס צווייטע אויג האָט נאָר געקוקט און זיך געריסן
און ס'האָט מיט פינצטערניש פון דעם געטריפט".

באַם צוזען דעם דאָזיקן גרויזאַמען בילד פון טויט, טראַכט אַנשל נאָר איינס: ווי אַזוי נוצט מען דאָס אויס, וואָס קען מען פון דעם באַקומען. אנשל איז דער ערשטער ראָב אפן קערפּער פון דער נעווילע. דאָ דערגייט צו זייַן אַפּאָגיי דער פּאַראַזיטישער אייגנ־טום־געפיל.

מאַרקיש קאַרגט ניט קיין פאַרבן אָפּ צו שילדערן די נאַכט, דעם שטאַרבנדיקן פערד און אַנשלען דערבייַ. דאָ טרעט שוין גאָר בולטער אַרויס אַנשלס פּאָטענציעלע פאַרברעכעריש־קייַט. ער איז גרייט אויסצונוצן דעם אומקום פון די קאָלווירטישע פערד. ער טראָגט אָבער אַליין אויך אין זיך טויט. איר פילט מאַמעש, ווי באַ אייַך אויף די אויגן הייבט אַנשל אָן צו פוילן. ער איז שוין אַליין אויך טויט, פונקט אַזוי ווי די נעווילע. ער גייט אונטער ווי אַ קאָרבן פון זייַן אייגענער גייַציקייַט. מאַרקישן האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרוואַנדלען אַנשלס טויט אין אַ גרויסן סאָציאַלן סימוואָל.

וווּ זייַנען די שוואַכע ערטער?

ס'איז שווער צו לייענען מאַרקישעס בעסערע ווערק אָן אַנטציקונג, אָבער אויך אָן פאַר־דראָס. צוזאַמען מיט גלענצנדיקע ערטער, וועט איר קימאַט שטענדיק געפינען אַ מאַבל פון ניט נייטיקע ווערטער, געשטאַלטן, איבערכאַזערונגען, וואָס פאַרפלייצן אייַך, פאַרטומ־לען אין שוואַכן אָפּ דעם איינדרוק פונעם ווערק אינגאַנצן גענומען. מאַרקיש צעשרייַט זיך אָן אַן אופהער אָדער דאַן, ווען ער האָט ניט וואָס צו זאָגן (באַקומט זיך אַ קאַפּיטל קנאַקנדיקע ריטאָריק) אָדער פאַרקערט דאַן, ווען ער אַליין ווערט פאַרכאַפּט פון אַ געוויסן מאָמענט, קען ער ניט צאַמען זייַן טעמפּעראַמענט און רעדט דאָס אַזוי אַרום פון אַלע זייַטן, אַז דער ערשטער איינדרוק ווערט ווידעראַמאָל באַדייַטנדיק אָפּגעשוואַכט (די מייַסע מיטן קירזשנער אין דער פּאָעמע „אויפגאַנג אפן דניעפּער" אייניקע ערטער אין „ברידער")

„דעם באַלעגופס טויט" איז מאַרקישעס ערשטע פּאָעמע, וווּ קימאַט אַלץ איז צילגעווענדט, וווּ אַלע עלעמענטן ציִען צו איין פונקט, צו דער גרונט־אידיי, און פונדעסטוועגן זייַנען אויך אין דער פּאָעמע פאַראַן איבעריקע ערטער. עמעס, זיי זייַנען אַזוי קנאַפּ אין צאָל, אַז דער לייענער באַציט זיך צו זיי, ווי צו אַ קליינינקן טאָרמאָז, וועגן וועלכן ער פאַרגעסט באַלד, לייענענדיק די ווייַטערדיקע גלענצנדיקע קאַפּיטלען. זיי שטערן אָבער דאָך אופצונע־מען די פּאָעמע, ווי אַן אַבסאָליוט פאַרפולקאָמט ווערק.

מאַרקישעס דיכטערישע גרונט־אייגנשאַפט איז אָנגעזעטיקטע, געדיכטע, אַפילע טיילמאָל היפּערבאָלישע בילדערישקייַט.

אָט איז אַ בילד פון אַנשלס פאַרלאָזטער קראָם:

„וווּהין זאָל זי מיט טירן מיט פאַרקלאַפּטע זיך אַ ריס טאָן?
סע ס'קריפּעט און סע קריצט פון איר מיט זשאַווערדיקער קלאָג,
זי מאָרדעוועט מיט הענגענדיקע שלעסער, ווי מיט בריסטן
און שלאָגט איבערן קאָפּ דאָרטן אַליין זיך מיט דער לאָר"

אָדער די אויסערלעכקייט פון אנשלט בעהיימע:

„זי האָט געהאט א ווייסן שטערן פון א טאלמיד כאָכעם,
די הערנער האָט זי ווי א קרוינ געטראָגן הויכ,
און ניט קיינ פעל ס'אפּ איר געברוינט—אבי אזוי,—
נאָר אַנגעטאָן ז'אפ איר געוועןא רויטע סאמעטענע דאָכע
מיט ווייסן אונטערשלאק אריינגעפאסט אינ בויכ״.

ס'איז אזא אָנגעזעטיקטע, קאָנדענסירטע בילדערישקייט, אז ס'איז אומעגלעכ צו פאָרשטעלן זיכ דאָ נאָכ „איינ מינדסטן באגריפ, נאָכ איינ אָס. דער לייענער דארפ זיכ אפילע אינ א געוויסער מאָס צוגרייטן צו אופנעמען אזא געשטאלטלעכקייט. עס דערגייט אָבער אלץ: דאָס קאָנדענסירטע בילד, די דרייסטע פערסאָניפיצירונג, דער אומדערוואַרטער פארגלייכ.

דאָס זעלבע איז כאראקטעריסטיש אינ א ברייטערנ זינ פאר דער גאנצער אנשלגעשטאלט.

אָבער אויכ דאָ פארלירט טיילמאָל מארקיש די מאָס. די גאנצע אנשל־געשטאלט ווערט דאָכ אזוי געזעצמעסיק אנטוויקלט. איר ביאָלאָגישקייט און ברוטאלקייט ווערט דאָכ געשילדערט ניט אפ אנ עמפּיריש נאטוראליסטישן אויפן, נאָר דורכויס רעאליסטיש. וואָלט געווען אזוי גוט, ווען אנשל איז אומעטום אזוי פארגאנצט, ווי אינ די קאפיטלען וועגן פרייטיק און שאבעס, ווי אינ דעמ קאפיטל וועגן טויט און אזוי ווייטער. ס'איז אנ ערנסט פארטראכטע געשטאלט, ווו ס'האָט געמוזט אינגאנצן אויסגעמיטן ווערן דער עלעמענט פון אנעקדאָטישקייט.

איז אָבער דעמ דיכטער א שאָד צו שיירן זיכ מיט זיינ העלד, עס ווילט זיכ אימ נאָכאמאָל און נאָכאמאָל א שפּיל טאָן מיט זיינ געשטאלט, לאָזט ער זיכ שוינ אליינ אָפּן באראָט פון זיינ טעמפּעראמענט: זאָל זיכ שוינ זאָגן, וואָס עס זאָגט זיכ... ווערט אויסגעטראכט אנ אנעקדאָטישע מייסע וועגן א שלוקעכץ וואָס האָט אימ אָנגעכאפּט בעייס א פּאָגראָם, אָדער וויאזוי אנשל האָט זיכ געשלאָגן מיט א שאָכן פאר אנ אָפּטריט. דיראָזיקע מאָמענטן זיינען ניט אינ פּלאנ פון דער פּאָעמע. זיי זעצן אראָפּ דעמ רעאליזמ פונעמ ווערק. אנשלס אופירונג ווערט שוינ פארוואנדלט אינ אנעקדאָטישן צופאל. און עס לאָזט שוינ אויכ א מעגלעכקייט פאר גוטמוטיקן שמייכל. פון דעמ שטאנדפונקט איז אויכ איבעריק דער קאפיטל „א פעדער צו דער נאָז״. ס'וואָלט אונדז אינגאנצן באפרידיקט, ווען אנשל שטארבט אוועק איינמאָל, ניט גאנצע צוויי מאָל. ניט אינ פּלאנ פון דער פּאָעמע איז אויכ אנשלס בארימען זיכ מיטן זונ און איידעמ. מארקיש האָט דאָ קענטיק געוואָלט קינסטלעריש מאָטיווירן אנשלס אריינטרעטן אינ קאָלווירט. דאָס איז אָבער אינ דעמ פאל אבסאָליוט ניט נייטיק. פונקט אזוי ווו מארקיש טראָגט אונדז צו א פארטיקן, אויסגעבילדעטן זאליאזניק, פונקט אפ אזא אויפן האָט ער אונדז געקענט צוטראָגן דעמ זעלבן זאליאזניק אינ קאָלווירט און ניט שאפן קיינ באנאלע סכעמע, וואָס אלע ווייסן שוינ, וויאזוי א באלעגופ קריכט דורכ אינ קאָלווירט.

א באשטימטע ניט געצאמטקייט פילט זיכ אויכ אינ אנדערע ווייניקער וויכטיקע קאָמפּאָנענטן פון דער פּאָעמע. דער דיכטער באנוצט זיכ זייער אָפט מיטן וואָרט „זשאווער״. דער דאָזיקער וואָרט איז געווים זייער א פינקטלעכער עקוויוואלענט פון דער אנשל־געשטאלט. „און ס'האָט פון אימ א זשאווערדיקער קרעכץ ארויסגעשלאָגן״. „האָט דעמלט ער אליינ

געהאט דעם אויסזען פון אזא אָנגעטאָנענעם שטיק זשאווער״: „און אין געדעמפּ פון זשאווער אין דער מיט, געוויגט האָט ער אליינ זיך, ווי א זשאווערדיקער זאנג״.

די זשאווערדיקײַט איז דאָ אנ אומבאדינגטער עלעמענט פון דער אנשל־געשטאלט.

דאָס וואָרט „זשאווער״ ווערט שוינ אָבער אזויפיל באנוצט און אפּ אזויפיל אויפאנים וואריִירט, אז מאָמענטנווײַז פארלירט ער זײַנ שארפקײַט. אנשלס צונג ווערט שוינ אויך פארוואנדלט אינ א שטיק „זשאווער״, זײַנע פיס ווערנ אײַזערנע, די ברעמענ דראָטענע אאוו. אזוי אז א גלענצנדיקער רעאליסטישער מיטל ווערט אינ א געוויסער מאָס פרימי־טיוויזירט. נאָר ווי געזאָגט זײַנענ אזעלכע מאָמענטנ אינ דער פּאָעמע ווייניק פאראנ און זיי ווארפנ זיך ניט אינ די אויגנ.

מארקישעס פּאָעמע „דעמ באלעגופס טויט״ איז א גרויסע און וויכטיקע ליטעראַרישע דערשײַנונג. זי האָט בארײַכערט די סאָוועטישע ליטעראטור מיט א פולבלוטיקער געשטאלט פונ א קלאסנ־פײַנט, זי האָט אפּ אנ אייגנארטיקנ אויפנ געלייזט די פּראָבלעמ פונ דער סיוושעטישער פּאָעמע.

ב. זאקס

# ליפמאנ-לעווינס „דוירעס דערוואכטע״

(פארלאג „עמעס״, מאָסקווע 1934) ב. 1, 2.

1

ליפמאנ־לעווינ איז ניט קיינ נײַער נאָמענ אינ דער ייִדישער ליטעראטור. אונ דאָכ איז דער ראָמאנ „דוירעס דערוואכטע״—ערשטער אונ צווייטער באנד, א נײַס פארנ גרעסטנ טייל פונ אונדזערע לייענער.

ל־לעווינ האָט אָנגעהויבנ שרײַבנ נאָכ אינ סאָפ פונ די 90-ער יאָרנ. ער האָט געשריבנ צום אָנהייב העברייִש. גיכ איז ער אָבער איבערגעגאנגענ צו ייִדיש. אינ די יאָרנ 1900-1914 [1]) איז ער געווענ שטארק פּאָפּוליער אלס נאָוועליסט. ער האָט זיכ געדרוקט אינ די באוווּסטע ייִדישע צײַטונגענ אונ זשורנאלנ.

לויט דער ליטעראַרישער ריכטונג זײַנער, האָט ליפמאנ־לעווינ געהערט צו יענער פּלעיאַדע קליינבירגערלעכע שרײַבער, וואָס איז ארויסגעשווּמענ אינ די יאָרנ 1898—1904 אונ איז געווענ באווירקט פונ דעמ אלגעמיינעמ רעוואָליוציאָנערנ אונ געזעלשאפטלעכנ אופשטײַג אינ יענע יאָרנ. אינ דער ליטעראטור זײַנענ זיי געקומענ מיט די געשטאלטנ פונ באלעבאטיש־ייִדישנ שטייגער. אָרעמע, יעסוימימ אונ זייערע קאדיש־מאטערנישנ אינ שול, ייִדישע קינדער אינ כיידער, ווינטער־נעכט בא דער געמאָרע, יונגע אלמאָנעס אונ זייער באטרויערנ די פרי־פארשטאָרבענע מענער, שאבעסדיקע שטימונגענ אינ אָרעמע ייִדישע הײַזער אונ אזוי ווײַטער אונ אזוי ווײַטער—דאָס זײַנענ זייערע גרונט־טעמעס.

אפ פארשיידענע פאָרשטייער פונ אָטאָ דער גרופּע האָט פארשיידנ געווירקט דער רעוואָליוציאָנערער אופשטײַג. דאָס אלגעמיינע אינ דער דאָזיקער ווירקונג באשטייט אינ דעמ, וואָס אלס טיפּישע קליינבירגערלעכע שרײַבער האָבנ זיי די אָנקומענדיקע רעוואָליוציע ניט פארשטאנענ אונ האָבנ אָנגעהויבנ ארײַנבלאָזנ „סאָציאַלישקײַט״, סאָציאַלע פארשארפטקײַט, פּראָטעסט־רעמאָזימ אונ „מיינענ״ אינ ז י י ע ר ע געשטאלטנ, אינ ז י י ע ר ע טעמעס אונ סיטואציעס.—דער יעשיווע־באָכער הויבט אָנ ווערנ אומצופרידנ מיט דער שטיקנדיקער אט־

---

[1]) אינ יאָר 1910 איז אינ פארלאג „פּראָגרעס״ אינ ווארשע ארויסגעגאנגענ דער ערשטער באנד „שריפטנ״ נאָוועלנ פונ ליפמאנ-לעווינ, אינ 1914—דער 2-טער באנד.

מאָספער אין יעשיווע, דער טראַדיציאָנעלער פאַקנטרעגער שטאַרבט „און זײַן אָרט אפּ דער וועלט לאָזט ער איבער פאַר אַן אַנדער פאַקנטרעגער מיט אַנדערע ספאָרים". (ל. ל. שריפטן ב. 1, ז. 20) א.א.וו. מיר האָבן ניט קיין מעגלעכקייט אַנאַליזירן דאָס גאַנצע שאַפן פון ל. ל., מיר וועלן נאָר אין קורצן כאַראַקטעריזירן דעם אינהאַלט פון די צוויי בענדער „שריפטן".

פון די אַכט און צוואַנציק נאָוועלעס אין זײַנע צוויי בענדער „שריפטן" זײַנען נאָר עטלעכע געווידמעט וועלטלעכע טעמעס, ווי דער אויטער פּרוּווט אויסדריקן שטימונגען פון אומצופרידנקייט.

דער צוזאַמענשטויס צווישן אַרבעטער און באַלעבאָס איז געשילדערט אין איין נאָוועלע „כאַיעם בויאַנ".

א צווייטע נאָוועלע „אפּ דער עלטער"—וועגן אַן אַלטן שנײַדער, וואָס גייט פאַרן קרעמער—איז שוין פול מיט באַלעבאַטישע שטייגער־אַקסעסואַרן.

דערפאַר איז אין די שריפטן רײַך פאָרגעשטעלט דער מין טיפּאַזש און טעמאַטיק, וועגן וועלכן מיר האָבן פריִער גערעדט. אָנהויבנדיק פונעם פאַקנטרעגער, וועלכער פילט אויס זײַן נאַציאָנאַל־קולטורעלע „מיסיע"—ער באַזאָרגט מיט כומאָשים, טאַנאַכן, אַלעפבייזן, א.א.וו. אַלע אָרעמע ייִדישע קינדער (ער באַרײַסט ניט, כאָלילע, זײַנע קונדן—ער פאַרקויפט וואָלוול, און אפּ באָרג), מיט דער גאַבעטע און קלאַל־טוערן כײַע-ברײַנע, וואָס זאָגט זיך אָפּ נעמען א נעדאָווע פאַר אַן אָרעמער געווינערן, ווײַל די געלט וועט מען צונויפזאַמלען אפּ א באַל, ווו באָכערים און מיידלעך וועלן צוזאַמען טאַנצן—„גיט זיך אַן אײַצע דאָס געלט באַקומען פון אַן אַנדער מיטל" (שריפטן ב. 2, ז. 119). ביז דער „ייִדישער טאָכ־טער"—די פּראָסטיטוטקע, וועלכע איז געקומען אין שול שטעלן ליכט אָפּן אָנדענק פון איר מוטער, און דעם אַלטן ייִדן וואָס שטעלט אָפּ אום יאָנטעוו האַלב־אַסימילירטע ייִדן אין גאַס און גיט זיי א שמעק טאַבעק—זאָלן זיי אויך וויסן פון א ייִדישן יאָנטעוו.

אויך די סאָציאַלע מאָטיוון זײַנען שטאַרק באַגרענעצט אין זייער סאָציאַלער פאַר־שאַרסטקייט. קאָמפּאָזיציאָנעל איז די גרעסטע טייל פון ל־לעווינס נאָוועלעס קורץ און פּינקטלעך. דער מאַטעריאַל איז אונטערגעטראָגן אָריגינעל, געפּרעסט.

2

נאָכ דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, ריכטיקער פון 1919 י., האָט ליפּמאַן־לעווינ גאָרניט ניט געדרוקט. ניט באַנעמענדיק ביזן סאָף די רעוואָליוציע, האָט ליפּמאַן־לעווינ די פופצן יאָר געשוויגן.

די באַשטימונג פון צק אַלקפּ(ב) פון 23־טן אַפּרעל 1932 י. האָט קאָנסטאַטירט, אַז די שרײַבערישע אינטעליגענץ האָט זיך א קער געטאָן צו אונדז. צווישן דער דאָזיקער אינ־טעליגענץ איז אויך ליפּמאַן־לעווינ. דער בעסטער באַווײַז אַיז זײַן ראָמאַן „דוירעס דער־וואַכטע".

„דוירעס דערוואַכטע" וועט מיסטאַמ זײַן א ראָמאַן וועגן דער רעוואָליוציע פון פינפצן יאָר. מיר זאָגן, מיסטאַמ, ווײַל די פאַרעפנטלעכטע צוויי בענדער פאַרנעמען זיך נאָכ ניט מיט דער רעוואָליוציע. דערווײַל איז געגעבן געוואָרן נאָר די צוגרייטונג פון דער רעוואָליוציע, דער אָנוווקס פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג, די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע סיטואַציע פאַרן פינפטן יאָר. ס'איז דערפאַר שווער געבן א פולע אָפּשאַצונג דעם ראָמאַנ.

ס'איז שוין אָבער קלאָר די ליניע פונעם ווערק: די גרונט־העלדן, זייער פונקציע, עס זײַנען שוין צעשטעלט די קויכעס און מע קען שוין דעם ראָמאַן אַנאַליזירן.

אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור איז דאָס דער ערשטער פּרוּוו געבן אַ קינסטלערישן בילד פון דער אַנטשטייונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, איר אָרגאַניזירונג און פון דער רעוואָליוציע פון 1905 י. אין דעם איז דער באַטײַט פונעם בוך פאַר דער ליטעראַטור. די טעמע שפּילט אָבער אַ גרויסע ראָל פאַרן אַווטאָר זעלבסט. דער פאַקט, וואָס ליפמאַן־לעווין האָט זיך גענומען צו אַזאַ גרויסער און פאַראַנטוואָרטלעכער טעמע, ווײַזט, אַז ער וויל ניט גיין אַפן וועג פון קלענסטן ווידערשטאַנד אין זײַן איבערבויונג.

די יאָרן 1896־1905 זײַנען די יאָרן, ווען ליפמאַן־לעווין איז אַרײַנגעטראָטן אין דער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג און אין דער ליטעראַטור. אָט די צײַט האָט ער אָפּגעשפּיגלט אַמאָל אין זײַנע נאָוועלעס אַפן קליינבירגערלעכן אופן. איצט האָט ל־ל. זיך ווידער גענומען צו דעם פּעריאָד, קעדיי געבן די געהעריקע איבערקוואַליפיקאַציע פון פאַקטן און געשעענישן. און ווײַל ליפמאַן־לעווין האָט זיך אַליין אופגעלייגט אַלס געזעלשאַפטלעכער מענטש גראָדע אין יענע יאָרן, ווײַל די צײַט, אומשטענדן און מענטשן זײַנען אים גוט באַקאַנט פּערזענלעך, האָט ער גרויסע מעגלעכקײַטן צו שאַפן אינטערעסאַנטע בילדער פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין יענער צײַט.

אין די ערשטע צוויי בענדער ווערט באַשריבן די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג פון די יאָרן 1896־1903. קיין דאַטירונג איז אין בוך ניטאָ, לויט די געשעענישן ועט מען, אַז עס רעדט זיך וועגן אָט אָ דעם פּעריאָד צײַט. דער ערשטער באַנד הויבט זיך אָן פון ווײַזן די רעשטלעך פון די מאַסקילישע בילדונג־קרײַזלעך, וועלכע וואַקסן אַריבער אין אַרבעטער־קרײַזלעך. דער באַנד ענדיקט זיך מיט דעם איבערגאַנג פון קרײַזל־אַרבעט צו מאַסן־אַרבעט, פון פּראָפּאַגאַנדע צו אַגיטאַציע. דער לעצטער עפּיזאָד אין בוך—דער ערשטער שטרײַק אין שטאָט—אַ שטרײַק, וועלכער איז אָרגאַניזירט דורך דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע פון רעוואָליוציאָנערן. דער שטרײַק גייט דורך שווער. די שטרײַקער—נעכטיקע קוסטאַרעס—דאַרפן מען פיל אײַנריידן זיי זאָלן ניט ברעכן דעם שטרײַק אײַנציקווײַס. עס גייט דורך אַ סטיכישע דעמאָנסטראַציע. קיינע לאָזונגען האָט זי ניט, קיין ספּעציעלע אופגאַבן זײַנען נאָך פאַר איר ניט געשטעלט געוואָרן.

דער צווייטער באַנד האָט אַלס צענטער דעם קימאַט אַלגעמיינעם שטרײַק אין שטאָט. עס איז אויסגעוואַקסן די רעוואָליוציאָנערע פּאַרטיי, עס איז אויסגעוואַקסן קאָלאָסאַל דער באַוווּסטזײַן פון די מאַסן אַרבעטער און דער דאָזיקער שטרײַק גייט דורך אָרגאַניזירט, מוסטערהאַפט.

די אופגאַבע פון די 2 בענדער איז געווען ווײַזן, ווי ס'איז אַנטשטאַנען די אַרבעטער באַוועגונג אין אַ מיטעלער, פּראָווינציעלער טכום־שטאָט. ניט אין וואַרשע אָדער ווילנע, אַפילע ניט אין מינסק, נאָר אין אַ מין מאָליעוו באַם דניעפּער, וווּ קיין גרויסע אונטערנעמונגען אַפילע פון דער לײַכטער אינדוסטריע זײַנען ניט געווען, וווּ די גרונט־קאַדרען פון פּראָלעטאַריאַט זײַנען באַשטאַנען פון נעכטיקע קוסטאַרעס, וואָס זײַנען אַוועק אַרבעטן אַף גרעסערע, אויך הויפּטזעכלעך האַנטווערקערישע אונטערנעמונגען, אָדער פון זייערע קינדער.

די קעגנשטעלונג פון דער בורזשואַזער טייל פון שטאָט—די „באַרג" דעם אָרעמען „טאָל"—דעם אייגנאַרטיקן קאַפּיטאַליסטישן געטאָ פאַר דער אָרעמקײַט—איז איינע פון די גרונטשטיינער, אַף וועלכע עס באַזירט זיך דער ראָמאַן. די סינע פון די „טאָל"־אײַנוווי־

נער צו די רײַכע, די אָרעמקײַט אונ נויט אינ „טאָל“ אינ קעגנזאצ צו דער רײַכער אונ אומזיניקער אויסבערענגערישקײַט אונ ווילטקײַט אפנ „בארג“. דער סאָציאַלער, עקאָנאָמישער אונ אויכ מאָראליש־פּסיכאָלאָגישער דרוק אפנ טאָל איז דורכנ אווטער בוילעט ארויסגעפירט.

פרויענ אונ קינדער אינ „טאָל“ קענענ ניט פארלײַדנ, ווענ עס באווײַזט זיכ אפ זייערע געסלעכ אנ אייראָפּייִש ־ ויסגעפּוצטע פרוי פונ „בארג“. זיי דאכט, אז די פרוי איז געקר־מענ אהער אויסגעפּוצט ספּעציעל, קעדיי שנײַדנ די אויגנ, קעדיי צו רייצנ די „טאָליקע“. דערפאר פארווארפנ זיי זי מיט שטיינער.

דער אכט-צענ־יאָריקער שימענ מיט זײַנע כאוויירים שלאָגנ אויס מיט שטיינער די שויבנ באם מאשגיעכ פונ כעוורע „ביקער כוילים“ דערפאר, ווײַל ער גיט ניט זייער כא־ווער אומגעצאָלט דעם רעצעפּט פאר זײַנ קראנקער מוטער,—אזוי ווערט געבוירנ דער סטיכישער פּראָטעסט אונ האס צו די רײַכע. שפּעטער, ווענ שימענ וועט אויסוואקסנ, וועט זײַנ קינדישער פּראָטעסט־געפיל זיכ אויסגיסנ אינ זײַנ רעוואָליוציאָנערער טעטיקײַט.

מיר זײַנענ „טאָליקע“ דאָס איז בא איסאקנ א כאראקטעריסטיק, וואָס דארפ הייסנ, אז מיר זײַנענ צונויפגעשמידט מיט געמיינזאמע לײַדנ אונ האס צו די רײַכע. אינ שמועס מיט דער רעוואָליוציאָנערקע סלאווע גינצבורג—די טאָכטער פונ רײַכנ מאנופאקטוריסט—זאָגט דאָוויד בליומ,—איינער פונ די וויכטיקסטע ארבעטער־רעוואָליוציאָנערנ, אז עס איז פאראנ די אייביקע האס פונ „אונדז“ צומ „בארג“, אונ די האס גיט די „טאָליקע“ די מעגלעכ־קײַט טרעפנ דעם סוינע.

דער „טאָל“ איז געגעבנ געוואָרנ מיט טאקט אונ ווײַזט, אז דער אווטער וויס דעם מאטעריאל.

בא די האָרעפּאשנע „טאָליקע“ מישפּאָכעס זײַנענ נאָכ פאראנ פיל קנעכטישע געפילנ. אייניקע ייִדענעס, ווי נאָר זיי דערזעענ דעם מאנופאקטוריסט גינצבורגס טאָכטער בא זיכ אינ שטוב ענדערט זיכ בא זיי דער קאָל... „אנ איידל מיידל... האלט זיכ פּראָסט... פונ א פײַנער הויז, זעט מענ באלד“,—זאָגט ליוזיק. די ברייטלעכע ייִדענע לאָזט ניט די קינדער שרײַענ ווענג די אומאָרדענונגענ אינ טאלמעטוירע, וויבאלד בעב גאָלדמאנ „פונ די סאמע גאָלדמאנעס“ נעמט זיכ פאר דעמ.—„גענוג, גענוג, אלע האָבנ זיכ צערעדט, ווענג דער טאלמעטוירע, וועלנ „זיי“ (דאָס מיינט זי בעבנ) אליינ שוינ מאכנ א טאָלק. (ב. 1, ז. 26). דאָוויד בליומס עלטערנ האלטנ פארנ גרעסטנ קאָוועד פאר זיכ, ווענ עס קומט צו זיי ארײַנ דעם גוויר האמבורגערס טאָכטער. אָבער די גרעסטע טייל „טאָליקע“ ווייסנ די „טויוועס“ פונ בארג אונ ווארטנ אפ זיי ניט. אונ אויב די עלטערע קוסטארעס, אָדער גלאט שטאָטישע אָרעמקײַט, באגרענעצט זיכ מיט אויסגיסנ זייער פּראָטעסט אונ אומצר־פרידנקײַט אינ א וויצ, פארנעמט זיכ די יוגנט מיט וויכטיקערע אונ ווירקזאמערע איניאָנים זי אָרגאניזירט זיכ, זי גרייט זיכ צומ קאמפ.

3

דער פּערסאָנאזשנ־פארנעמ פונעמ ראָמאנ איז גרויס.

די בורזשואז־אינטעליגענטישע קרײַזנ, די ליבעראלע גווירישע מישפּאָכעס, שפּליטערס פונ דער געוועזענער מאסקילישער אינטעליגענצ, ליבעראליזירנדיקע אונ דעמאָקראטיזירנ־דיקע בורזשואזע זינדלעכ, אופּריכטיקע רעוואָליוציאָנערנ, בורזשואזע קינדער, אינטעלי־גענטישע באָהעמע, פּראָלעטארישע, ארבעטער־רעוואָליוציאָנערנ, זייערע עלטערנ, פאמיליעס, לומפּנ, זובאטאָוו אונ פּראָוואקאטערס אונ נאָכ אונ נאָכ. יעדע קאטעגאָריע געשטאלטנ איז רײַכ פאָרגעשטעלט מיט אירע פארשיידענע שאטירונגענ.

פונ דעם צעטל אלײנ איז קלאָר, אז אויסבויענ אזא װערק איז גאנצ שװער. אונ מיר מוזנ פונ אָנהויב זאָגנ, אז קאָמפּאָזיציאָנעל איז דער ראָמאנ ניט געלונגענ געבויט.

מיר האָבנ שוינ קאָנסטאטירט, אז ליפּמאנ־לעװינ איז הויפּטזעכלעכ א נאָװעליסט. בא אלע זײערע אידעאָלאָגישע אונ קינסטלערישע פעלערנ זײַנענ ל־לעװינס נאָװעלעס מערסטנטײל פארגאנצטע קינסטלערישע װערק. זײ זײַנענ טרעפלעכ אונ שארפ. זײ זײַנענ שפּאָרזאם אונ געפּרעסט געבויט. „דוירעס דערװאכטע" האָט זיכ פּאקטיש אויכ באקומענ ניט קײנ ראָמאנ, נאָר א זאמלונג נאָװעלעס מיט א געװיסער טעמאטישער אײנהײַט. עס זײַנענ פאראנ בעסערע אונ שװאכערע, מער אונ װיניקער געלונגענע נאָװעלעס—עס איז אָבער ניטאָ קײנ גאנצער ראָמאנ, װײַל עס איז ניטאָ יענע צענטראלע אקס, ארום װעלכער עס איז געבויט דער ראָמאנ, אלנפאלס אינ די ערשטע צװײ בענדער. עס מאכט דעם אײַנדרוק פונ קינסטלערישע זיכרוינעס, נאָר אָנ דעם סוביעקט, װאָס דערמאָנט זיכ נעענטער צו א כראָניק פונ געשעענישנ, װעלכע זײַנענ פאָרגעקומענ אינ א געװיסנ אָרט, װײַל דער גרונט־פארבינדונג־מאָמענט איז דאָ דאָס אָרט (אגעװ, קומט פאָר אלצ, װאָס עס איז באשריבנ אינ בײדע בענדער אינ דער זעלבער שטאָט, אויסער די געשיכטע מיט זובאטאָװן, װעלכע אימעצ דערצײלט אויכ אינ מאָליעװ, אונ אײניקע קלענערע עפּיזאָדנ).

דער ראָמאנ גיט א גרויסנ קינסטלערישנ מאטעריאל צו דער געשיכטע פונ דער ארבעטער אונ רעװאָליוציאָנערער באװעגונג בא ײִדנ, צו דער געשיכטע פונ דער געזעלשאפטלעכער באװעגונג ביכלאל.

באזונדער געלונגענ זײַנענ געשילדערט די בורזשואזע מישפּאָכעס אונ די בורזשואזע אינטעליגענצ.

אדװאָקאט שטײנבערג—אנ אדװאָקאט א דעליעצ. ער איז א ליבעראל אונ פארנעמט זיכ מיט ציִעניסטישער קלאל־ארבעט. ער איז פילאנטראָפּיש אונ דערפאר קויפט ער שקאָלים פאר דער „טויװע פונעם ײִדישנ פאָלק", אונ שענקט אויכ די געהעריקע נעדאָװע פאר דער פאָלק-ביבליאָטעק, װו עס דארפנ זײַנ „װאָס מער ײִדישע (דאָס הײסט העברײִשע—ב. ז.) ביכער". אנ אדװאָקאט פונ יענעם טיפּ מענטשנ, װעגנ װעלכנ געשיקטע בורזשואזע יונגע לײַט זאָגנ, אז ער װײס װענ צו זײַנ צוגעלאָזט פאר אָרעמעלײַט (ער דארפ זיכ שאפנ א נאָמענ, אנ אויטאָריטעט פונ א פילאנטראָפּ) אונ װײס װענ איבערײַסנ די פילאנשאפנ א נאָמענ, אנ אויטאָריטעט פונ א פילאנטראָפּ) — 

אונ קעגנ אימ דער דאָקטער בראנזבורג. דאָס איז א טיפּישער פילאנטראָפּ אינ עמעסנ זינ פונ װאָרט, װאָס איז ביזנ סאָפ אופריכטיק אונ דערפאר לעבט ער אָרעמ, ער גיט אָפּ דאָס לעצטע אנ אָרעמענ כוילע אפּ א רעצעפּט, אָרעמע כאלויִמ נעמט ער אופּ אומזיסט. אונ דאָכ איז זײַנ טעטיקײַט װיניק פרוכטבאר, זי איז נאָר אנ אויסדרוק פונ דער פּערזענלעכער גוטסקײַט פונ דאָקטער בראנזבורג, ליקװידירנ די סיבעס, װאָס זעצנ פאָר אונ פארגרעסערנ די אומגליקנ װאָס פאלנ אפּנ אָרעמענ פאָלק, איז זי ניט אומשטאנד.

אונ דאָ דערלאָזט כאָטש ליפּמאנ-לעװינ א פעלער מיט דעם, װאָס ער פּרוּװט שאפנ אנ אײַנדרוק, אז דאָקטער בראנזבורג איז לויט זײַנ קלאסעװונ כאראקטער ניט קײנ בירגערלעכער אינטעליגענט, אז זײַנ טעטיקײַט איז לויטנ אינהאלט פײַנטלעכ דעם קאפּיטאליזם. דאָס איז ניט ריכטיק. בא זײַנ גאנצנ דעמאָקראטיזם אונ ראדיקאליזם איז

בראנזבורג א שפליטער פונ דער בורזשואזער אינטעליגענצ, אירע בעסערע, אינ מענטשלעכנ זינ, פאָרשטייער, וועלכע טוענ אָבער גאָרניט קעגנ דער אָרדענונג אלס אזעלכער.

פארניכטנדיק שארפ אונ סאטיריש איז געגעבנ דאָס בורזשואזע זינדל בעב גאָלדמאנ. א זונ פונ א רײַכנ קרעמער—דעמ רײַכסטנ אינ שטאָט, הייבט ער זיכ אָנ „דעמאָקראטיזירנ“ אונ „רעוואָליוציאָניזירנ“, די רעוואָליוציאָנערע ארבעט איז פאר אימ א מינ עקזאָטיש לאנד ווו ס'איז אינטערעסאנט אביסל אויסברענגענ צײַט אונ געלט. כאראקטעריסטישע דעטאלנ: אז בעב קומט צומ ערשטנ מאָל אינײנעמ מיט דער רעוואָליוציאָנערער יוגנט אינ „טאָל“ אינ די אָרעמע הײַזער אָרגאניזירנ שולנ פאר זעלבסטבילדונג—ווילט זיכ אימ ארײַנשטעקנ שאָקאָלאדקעס די קינדער דאָרט. בא דער מוטער אינ סאלאָנ „סקאנדאליעוועט“ ער וועגנ סאָציאַליזמ, אינ די קראָמענ נעמט ער צונויפ טינטערס מיט פאפיר פאר די אָוונט־שולנ. די מאדאמ גינזבורג האָט געלונגענ בעבנ כאראקטעריזירט נאָכ זײַנער א „סאָציאַליסטישער“ רעדע אינ איר סאלאָנ—„האָבנ מיר שוינ אנ אייגענעמ סאָציאַליסט אויכ“ אנ אייגענער סאָציאַליסט אינ די בורזשואזע הײַזער—א טרעפלעכע אטעסטאציע.

ס'איז נאָר א שאָד, וואָס נאָכ עטלעכע גלענצנדע זײַטלעכ, ווו בעב ווערט אינגאנצנ צעשמעטערט, ווידמעט דער אווטער צענדליקער זײַטלעכ (אינ 2־טנ באנד) אפ באשרײַבנ ווי אזוי בעב גייט אינ „הײַזל“ ווי אזוי ער „ראטעוועט“ פונ דאָרט „טערעזענ“, ווי אזוי דידאָזיקע טערעזע ווײַזט ארויס א גרויסע דאָזע פונ סאָציאלנ פראָטעסט א.א.וו. דאָ איז אלצ איבעריק. אפ כאראקטעריזירנ בעבנ איז דאָס שוינ ניט נייטיק, אונ אליינ פאר זיכ איז דער דאָזיקער עפּיזאָד ניט אָריגינעל, אויסגעדראָשנ אונ האָט ניט קיינ קינסטלערישנ ווערט.

מיר האָבנ דאָ ניט די מעגלעכקײַט ווײַזנ ווי איז ארויסגעפירט געוואָרנ די בורזשואזע מישפּאָכע אינ בוכ, מיר האָבנ נאָר אָפּגעקליבנ די אמערסטנ אינטערעסאנטע פיגורנ פונ ראָמאנ. צו דערדאָזיקער גרופּע געהערט אויכ די פיגור פונעמ מיטעלנ קרעמער, וועלכער וואקלט זיכ אונ פארנעמט אנ אָרט צווישנ דעמ „בארג“ אונ דעמ „טאָל“.

פארענדיקנדיק מיט דער כאראקטעריסטיק פונ די בורזשואזע פערסאָנאזשנ, ווילנ מיר אונטערשטרײַכנ אײנ סטיליסטישנ מיטל באמ כ' ליפמאנ־לעווינ. די פערסאָנאזשנ ווערנ בא אימ כאראקטעריזירט מערסטנטייל אפ א פאמפלעטיש־פעליעטאָנישנ אויפנ, דורכ א שארפער סאטירישער ליניע, דורכ אונטערשטרײַכנ געוויסע שארפע מאָמענטנ. די האנדלונג פונ די פערסאָנאזשנ איז ניט דער גרונט מיטל אפ שילדערנ זיי. פארקערט, די פערסאָנאזשנ ווײַזנ זיכ ארויס הויפּטזעכלעכ אָדער דורכ די אָדער יענע מערסטנטייל שארפע אונ געלונגענע באצייכענונגענ פונעמ אווטער, אָדער דורכ זייערע דיאַלאָגנ, וועלכע ווײַזנ דעמ אידייִשנ געמיט פונ די פערסאָנאזשנ. באזונדערס איז דאָס שײַעכ דעמ נעגאטיוונ טיפּאזש.

מיט פיל ליבשאפט שילדערט דער כ' ליפמאנ־לעווינ די פארשיידנסטע שיכטנ פונ דער „טאָל“־באפעלקערונג. עס ווערנ ארויסגעפירט צענדליקער פערסאָנאזשנ פונ ארבעטער־אויִלעמ, די פריילעכע אונ לעבנסלוסטיקע יוגנט, וואָס ניט געקוקט אפ דער שווידערלעכער עקספּלואטאציע אונ די אויסערסט שלעכטע מאטעריעלע אונ וווינונג־באדינגונגענ זײַנענ זיי לעבנסלוסטיק אונ קאמפלוסטיק. די אײַנבינדער האָס קענענ ניט צעטיילנ צווישנ זיכ דעמ גליק—ווער פונ זיי וועט אײַנבינדנ „קאפּיטאל“ א.א.וו. א.א.וו., פונ דער צווייטער זײַט די פיגורנ פונ עטלעכע ארבעטער—געוועזענע קוסטארנ, וועלכע האָבנ נאָכ ערשט ניט לאנג געארבעט אפ זיכ, וועלכע האָבנ קיינ ארבעטער־קרײַזלעכ ניט באזוכט, זײַנענ מײַסטעריש געצייכנט. זייער האלטנ זיכ בײַמ דעמ ערשטנ שטרײַק, איז נאטירלעכ אונ

# כראָניק

## ריטער צווישנפעלקערלעכער קאָנגרעס איבער דער איראנישער קונסט און ארכעאָלאָגיע [1]

אין סענטיאבער כוידעש ד. י., איז אין לענינגראד פאָרגעקומען דער דריטער צווישנפעלקערלעכער קאָנגרעס וועגן דער איראנישער קונסט.

דער דאָזיקער קאָנגרעס שטעלט מיט זיך פאָר א וויכטיקן עטאפּ אין דער אנטוויקלונג פון דער היסטאָרישער וויסנשאפט וועגן מיזרעך. דער ערשטער קאָנגרעס איז פאָרגעקומען אין 1926 י. אין פילאדעלפיע, אין אים זײַנען געווען פארטראָטן דעלעגאטן־וויסנשאפטלער פון 6 לענדער; דער צווייטער קאָנגרעס איז פאָרגעקומען אין לאָנדאָן אין 1931 י. עס האָבן זיך אין אים באטייליקט דעלעגאטן־וויסנשאפטלער פון 12 לענדער. אין דער ארבעט פונעם איצטיקן דריטן צווישנפעלקערלעכן קאָנגרעס וועגן דער איראנישער קולטור האָבן אָנטיילגענומען די גרעסטע געלערנטע מיזרעך־קענער פון 25 לענדער.

דאָס צונויפרופן דעם קאָנגו׳עס אין לענינגראד באווײַזט, אז דער סאָוועטנפארבאנד איז געוואָרן דער צענטער פון קולטור אין אלע געביטן פון מענטשלעכן שאפן—וויסנשאפט, טעכניק, קונסט, קולטור; אז אונדזערע געלערנטע איבער מיזרעך-קענטעניש האָבן דערגרייכט גרייסע הייכן אינעם דערלערנען די געשיכטע פון דער איראנישער קולטור.

די איראנישע קולטור איז איינע פון די רײַכסטע קולטורן. זי האָט באווירקט מיט איר קונסט א ריי שכײנישע לענדער פון נאָענטן און ווײַטן מיזרעך. זי איז באזונדערס רײַך מיט איר פאָלקסשאפן אף אלע געביטן פון דער איראנישער קונסט: אין דער ארכיטעקטור, סקולפטור, קעראמיק, מיניאַטיור־געמעלן.

באזונדערס, דארף מען אָפּמערקן די איראנישע ליטעראַטור. זי פארמאָגט א ריי דיכטער, וואָס האָבן אן אלוועלטלעכע באדײַטונג. אזא ווערק ווי „שאכ־נאמע״, פונעם דיכטער פון X יאָרהונדערט,—פערדאָוסי, באאײַנפלוסט די ליטעראטור אין מעשעך פון א ריי יאָרן און האָט ניט פארלאָרן זײַן וויכטיקײַט און קינסטלערישע באדײַטונג ביז הײַנטיקן טאָג. ווי הויך געטע האָט געשעצט די איראנישע ליטעראטור באווײַזן זײַנע ווערטער: „מע זאָגט, אז די פּערסן האָבן פון אלע זייערע פּאָעטן, פאר 5 יאָרהונדערטן, געשעצט נאָר זיבן—אָבער אסאך פון די, וואָס זײַנען אָפּגעוואָרפן געוואָרן, זײַנען אויך בעסער פון מיר״.

דער קאָנגרעס האָט געארבעט עטלעכע טעג. אף די פּלענומס און סעקציעס פון קאָנגרעס זײַנען אויסגעהערט און באהאנדלט געוואָרן א ריי פאָרטראגן פון היסטאָרישן כאראקטער: וועגן דער אנטשטייונג פון דער איראנישער קונסט, וועגן קונסט אין דער ביז־היסטאָרישער עפּאָכע; א ריי פאָרטראגן וועגן דער ווירקונג פון דער איראנישער קונסט אף אנדערע

[1]) איראן—פּערסיע.

פעלקער, ספעציִעלע פּאָרטראַגנ וועגנ פארשיידענע צווײַגנ פונ דער איראַנישער קונסט—קעראמיק, ארכיטעקטור; וועגנ פאָלקס־טעאטער אינ איראנ; א ריי פּראָבלעמעס פונ ארכעאָלאָגיע: וועגנ באזונדערע דענקמעלער אונ פארשיידענע נײַע אויסגראָבונגענ, וועגנ מוזיי־עקספּאָנאטנ א. א. וו.

די ספעציִעלע אויסשטעלונג, וואָס איז אָרגאניזירט געוואָרנ אינ לעונינגראדער ערמיטאזש געווידמעט דער איראנישער קונסט, איז געווענ אנ אָרגאנישער טייל פונעמ איראנישנ קאָנגרעס (א טייל פּאָרטראגנ זײַנענ געלייענט געוואָרנ אפ דער אויסשטעלונג גופע). די אויסשטעלונג איבער דער איראנישער קונסט (פארנעמט 80 זאלנ), איז אָרגאניזירט אינ אזא מאסשטאב, וואָס שטעלט מיט זיכ פּאָר קימאט דעמ גרעסטנ מוזיי פאר מיזרעכ־קענטעניש אינ דער וועלט. די איבערוועגנדיקע מערהײַט עקספּאָנאטנ זײַנענ צונויפגעזאמלט פונ ער־מיטאזש גופע אונ פונ א ריי שטעט פונ אונדזער פארבאנד.

די איראנישע קונסט איז פּאָרגעשטעלט אפ דער אויסשטעלונג לויט באזונדערע פּעריִאָדנ אונ אינ איר קעגנזײַטיקער ווירקונג מיט די קולטורנ פונ אנדערע פעלקער, ווײַל א ריי עטאפּנ פונ דער איראנישער קולטור זײַנענ פארבונדנ מיט די קולטורנ פונ פּאָדער־אזיע אונ אייראָפּע, אונ מיט א ריי פעלקער פונעמ איצטיקנ פססר, באזונדערס, פונ מיטל־אזיע אונ טראנסקאווקאז.

דער קאָנגרעס האָט זיכ אויסגעצייכנט אויכ מיט זײַנ סאָציִאַל־פּאָליטישער אקצענטירונג פונ דער איראנישער קונסט. די בורזשואזע פּאָרשטייער פונ דער איראנישער קונסט האָבנ געפּרוּווט דערקלערנ יעדע קונסט־דערשײַנונג, ווי א דערשײַנונג אויסשליסלעכ פונ אויסער־לעכער ווירקונג, פונ אָנייגענענ, אָדער פארקערט, ווי די פּאשיִסטנ האָבנ געפּרוּווט דער־קלערנ די איראנישע קונסט אלס א פּראָדוקט פונ א באזונדער ראסע. אינ דער מערהײַט פּאָרטראגנ באזונדערס פונ די סאָוועטישע געלערנטע האָט געהערשט די מיינונג, אז די אי־ראנישע קולטור איז ניט קיינ איזאָלירטע דערשײַנונג, נאָר א רעזולטאט פונ די היסטאָ־רישע פּראָצעסנ, אז אפ דער קולטור האָבנ געווירקט אונ ווירקנ די באדינגונגענ פונ דער עקאָנאָמישער אונ פּאָליטישער אָרדענונג פונ דער געגעבענער געזעלשאפט אונ פונ די אנדערע שכײנעסדיקע פעלקער.

* * *

צומ III־טנ צווישנפעלקערלעכנ קאָנגרעס איבער דער איראנישער קונסט אונ ארכעאָלאָגיע איז דערשינענ דער זאמלבוכ „וואָסטאָק“ II ב. (לענינגראד), מיט אנ ארײַנפיר־ארטיקל פונ פּראָפעסאָר אָרלאָוו, אינ זאמלבוכ זײַנענ צונויפגעקליבנ די ווערק פונ די פּאָעטנ קלאסי־קער פונ איראנ, אָנגעהויבנ פונעמ געניִאלנ פערדאָוסי X י. ה. ביז דזשאמי XV י. ה. די מערהײַט פונ די ווערק זײַנענ צומ ערשטנ מאָל פּובליקירט אינ דער רוסישער שפּראכ אונ זײַנענ באגלייט מיט אנטשפּרעכנדיקע ארטיקלענ אונ דערקלערונגענ.

דער זאמלבוכ איז ארויסגעגעבנ אונטער דער רעדאקציע פונ באָלאָטניקאָוו, טיכאָנאָוו אונ טשײַקינענ.

## אינ די יִדישע טעאטערס

דער מאָסקווער יִדישער מעלוכע־טעאטער האָט אָנגעמערקט א ברייטע פּראָגראמ פונ ארבעט פארנ קומענדיקנ טעאטער־סעזאָנ. דער רעפּערטואר איז פונ די סאָוועטישע דראמאטורגנ סײַ יִדישע, אזוי אויכ פונ אנדערע נאציִאָנאליטעטנ.

עס וועט געשטעלט ווערן די פּיעסע פון ארמענישן דראמאטורג מיזאנדראַנצעוו—„קויסעל־מאראָווי״—אפ דער טעמע פאלעסטינע, וועלכע איז איינע פון די קנופּ־פּונקטן פון אימפּעריאַליסטישע ווידערשפּרוכן; זיסקינד ליעווס פּיעסע „הערמאנ פרידבערג״—ווו עס ווערט בארירט די פּראָבלעם „פון קליינעם מענטשעלע״, דעם דערשראָקענעם פיליסטער אינעם פאשיסטישן דײַטשלאנד, זײַנע וואקלונגען און איבערלעבונגען. אינ דער פּיעסע נעמט אנ אָנטײל דער פאָלקסארטיסט 'פון דער רעפּובליק מיכאָעלס—אינ דער הויפּט־ראָל הער־מאנ פרידבערג. עס וועט געשטעלט ווערן באבעלס פּיעסע „אונטערגאנג״ מיטן אָנטײל פונעם כ׳ מיכאָעלס אינ דער ראָל פון מענדל קריק; ל. רעזניקס פּיעסע „דוניע״ (באדינג־לעכער נאָמען). קושניראָווס פּיעסע — „דער אורטײל קומט״ אפ דער טעמע וועגן דעם ארבעטער־אופשטאנד אינ ווינ און דאניעלס א פּיעסע וועגן דער העראָיק פון דער יוגנט.

צום 100 יאָרטאָג פון א. ס. פּושקינס טויט גרייט דער טעאטער א נײַע שטעלונג לויט די צוויי ווערק פונעם גרויסנ דיכטער: „דער קארגער ריטער״ און „מאָצארט און סאליערי״. די ראָל פון סאליערי וועט שפּילנ דער כ׳ מיכאָעלס, די ראָל פון מאָצארטנ—דער כ׳ זוסקינ.

**דער ווײַסרוסישער יידישער מעלוכע־טעאטער** פּארענדיקט איניקנ באבעלס פּיעסע „אונטערגאנג״ אינ דער איבערזעצונג פונעם דיכטער מ. טייפ; שטעלונג פון ב. נאָרד. עס ווערט רעפּעטירט די פּיעסע „די שענקערנ״ פון קארלאָ גאָלדאָני, אינ דער איבערזעצונג און מיט באארבעטע טעקסטנ פונעם דיכטער ז. אקסעלראָד. מיט דער שטעלונג פירט אָנ דער פאָלקס־ארטיסט פון דער רעפּובליק מ. פּ. ראפּאלסקי. די קינסטלערישע אויספּאָרמירונג פון פארדינסטפולנ קונסט־טוער ד. פּ. שטערנבערג. איינציײַטיק רעפּעטירט דער טעאטער גאָלאָווטשינערס פּיעסע „א גנייווע״ אפ דער טעמע פון סאָציאַליסטישנ אייגנטום. די פּיעסע שטעלט מ. פּ. ראפּאלסקי, קינסטלער ד. פּ. שטערנבערג.

דער רעזשיסער גאָלאָווטשינער ארבעט איבער דער פּיעסע „ווײַסע כאלאטנ״ פון סידניי קינגסליי. די טעמע איז—וועגן דער אינטעליגענצ אינ אמעריקע, אינ דער איבערזעצונג פון ז. אקסעלראָד. דער שרײַבער קולבאק האָט איבערגעזעצט פארנ טעאטער גאָגאָלס „רע־וויזאָר״. די פּיעסע וועט געשטעלט ווערנ אונטער דער אָנפירונג פון ראפּאלסקען.

**דער בירעבידזשאנער מעלוכ.ע־טעאטער** האָט פארנ רעפּערטואר פון קומענדיקנ טעאטער־סעזאָנ צוגעגרייט פאָלגנדיקע פּיעסנ: שאָלעמ־אליכעמס פּיעסע „דער אויצער״; לאָפּע דע וועגא—„שעפּסנקוואל״ אינ דער באארבעטונג און אינ דער איבערזע־צונג פון כ׳ קושניראָוו; קושניראָווס פּיעסע „ברידער הארמאט״ און דער „אורטײל קומט״ פּערעצ מארקישעס פּיעסע „היימלאנד״.

**דער קיִעווער יידישער מעלוכע־טעאטער** גרייט שעקספּירס „שיילאָק״. די ראָל פון שיילאָק וועט שפּילנ דער באוווסטער דײַטשישער אקטיאָר אלעקסאנדער גראנאכ.

# אינהאלט






פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר—איזי כאַריק
רעדקאָלעגיע: ז. אקסעלראָד, א. אַשעראָוויטש, אָ. בער, י. בראָנשטיין, א. דאַמעסעק, אי. כאַריק, מ. קולבאַק, ל. ראָזענהויז.

באַשטעלונג 811. דרוקעריי א. נ. סטאַלין—מינסק. גלאַווליטבעל 4350

## ЗМЕСТ

